# הומאָרעסקען-בוך

(1916 — 1920)

— פון —

**אברהם רייזען.**

פאַרלאג „ניי-צייט“, ניו-יאָרק.

1920.

# אינהאַלט:

## 1.ביים נייעם ברעג.

---

## 2. אונזער היים.

# ברודער און געליעבטער

הײמאַנ׳ען, אַ אינטעליגענטען און באַלעזענעם יונגענמאַן, איז ניט געגאַנגען אין ליעבע. ווען ער באַקענט זיך שוין מיט אַ מײדעל אויף אַ באַל, אויף אַ קאָנצערט, צי אפילו אין קוני־אײלענד בײם ברעג ים, קען ער ניט כאַפּען דעם ריכטיגען טאָן. הויבט ער אָן מיט איהר רײדען איבער סאָציאַליזם, איז שוין די מײדעל פאַר איהם אַ פאַרלוירענע. פון סאָציאַליזם אויף ליעבע איז שווער ארויפצוקומען. דאָס מײדעל ווערט ערנסט, ער נאָך ערנסטער און כאַטש נעהם און הויב אָן זינגען די מאַרסעליזע. נאָך אַ פּאָר מאָל באַגעגענען זיך, פיהלט ער, אַז מיט סאָציאַליזם האָט ער בײ איהר פאַרשפּיעלט און ער צוגעהט זיך ענדליך מיט איהר אפילו אָהן אַ „אויף ווידערזעהן“.

איז ער שוין דאָס צווײטע מאָל מיט אַ צווײטער מײדעל פאַר־זיכטיגער און אויף אַ באַל פאַרפיהרט ער אַ געשפּרעך וועגען אַנאַר־כיזם. אין אַנאַרכיזם איז ער אויך אַ בקי. פון אַנאַרכיזם, האָפט ער, וועט זײן לײכטער זיך ארויפדראַפּען אויף דער „פרײער ליעבע“. אָבער צו דער „פרײער ליעבע“ דערקריכט ער ניט. גראָד איז דאָס מײדעל פון בעל־בית׳שע עלטערן, דער טאַטע איז אַ ביזנעסמאַן און איז „גוט־אָפּ“, הײנט צו וואָס לוינט עס איהר! האָט זי זיך אָפּגעזעגענט מיט אַ לײכטען נויג מיט׳ן קאָפּ און איז פאַרשוואונ־דען צווישען די טאַנצענדיגע פּאָרלעך...

האָט שוין הײמאַן אויף אַ אַנדער באַל געפּרואווט מיט אַ נײער באַקאַנטער נעהמען גאָר אַ לײכטען טאָן. ליעבע איז, נאָך אַלעמען, העכער פאַר אַלע אידעען. מיט דער נײער מײדעל האָט ער זיך צורעדט וועגען טאַנצען בכלל און וועגען דעם נײעם עראָטי־שען טאַנץ בפרט...

פון דעם דאַזיגען געשפּרעך, האָט ער געהאַפּט, וועט ער ענד־ליך אַרויסטאַנצען אויף דער ליעבע...

און געדאַכט האָט זיך איהם, אַז ער איז שוין אויף אַ דרך. ביי דער מיידעל האָבען די שוואַרצע אויגען אָנגעהויבען צו גלאַנ־צען מיט אַן אומהיימליך פייער, די בעקעלעך האָבען זיך צובליהט און די שלאַנקע פיס, וואָס האָבען זיך אויסגעצייכענט אונטער דעם דינעם זיידענעם קלייד, האָבען זיך גראַציעז און קאָקעטיש געבויגען און ליידענשאַפטליך געציטערט. זי האָט איהם אָנגעקוקט מיט באַגעהרענדע בליקען און שטיל, אָבער פול מיט ליידענשאַפט אין שטימע, נעפרעגט:

— טאַנצט איהר דעם נייעם טאַנץ?

— אַ, ניין! האָט היימאַן זיך דערשראָקען. — איך טאַנץ בכלל ניט. איך בין צופיעל גייסטיג ענטוויקעלט, איך זאָל עס טאָן. איך פאַרשטעה אָבער און איך בין אַ ליידענשאַפטליכער פאַרעהרער פון דעם דאַזיגען מאָדערנעם טאַנץ, וואָס איך וואָלט איהם גערופען: דער איבער־טאַנץ פון דעם איבער־מענשען, וואָס האָט זיך באַפרייט פון אַלע פאָראורטיילען און גיט פרייהייט די גליעדער פון זיין קערפּער, וועלכע זיינען יאָהרענלאַנג געווען גע־צוימט...

נאָך דער דאַזיגער דרייסטער לעקציע וועגען טאַנץ, איז היימאַן געווען זיכער, אַז דאָס מיידעל איז זיינע. ער האָט געוואונען איהר האַרץ. ער האָט איהר אַריינגעקוקט טיעף אין די אויגען און גע־וואָלט זעהן דעם איינדרוק פון זיינע ווערטער. דאָס מיידעל אָבער האָט איהם אָנגעקוקט ווי פאַרדעכטיג און שמייכלענדיג צוזאַמען, און ענדליך ווי אויסגעגעניצט:

— הייסט עס, אַז איהר אַליין טאַנצט ניט... — און איז ענדליך אַוועק אפילו אָהן אַ שאָקעל מיט'ן קאָפּ צו טאָן, און געלאָזט זיך איבער'ן זאַל, זוכען אַ קאַוואַליער צום טאַנץ.

„הייסט עס, האָט היימאַן באַשלאָסען, אַז טאַנצען איז אויך ניט קיין טעמע צו געווינען דאָס האַרץ פון אַ מיידעל.“

* * *

אָט האָט ער שוין שיער ניט געוואונען די ליעבע פון אַ מיידעל.

עס האָט פּאַסירט ביים לעצטען באַל פון סעזאָן. אויב ניט ביי דעם באַל, איז ער פאַרלוירען, בלייבט איהם בלויז זומער דער „ביעטש" פון קוני־איילאַנד. אָבער דאָרטען איז די האָפנונג שוואַך. אין זיין באַדע־אַנצוג פאַרלירט זיין געזיכט די גאַנצע אינטעלי־גענץ און מיט פּראָסטע מיידלעך האָט ער מורא אָנצוהויבען, ווען זיי זאָלען שוין אפילו יא וועלען. ניין, דער באַל איז זיין לעצטע רעטונג.

ער איז געזעסען ביי אַ טישעל אין ווינקעל פון זאַל און גע־וואָרפען בליקען אויף די איינצעלנע מיידלעך, וואָס בלאָנזשען אַרום, ווי פאַרלוירענע אויף אַן אינזעל... דערווייל האָט זיך צו־געזעצט צו זיין טישעל, וועלכער האָט גראָד געהאַט פרייען פּלאַץ, אַ פּאָרעל. דאָס פּאָרעל האָט צווישען זיך ניט גערעדט אוןביידע האָבען געמאַכט דעם איינדרוק, אַזוי ווי זיי זיינען ברוגז איינע אויף די אַנדערע. היימאַן איז געזעסען גראָד אַנטקעגען איהר. זי האָט געהאַט שעהנע, אָבער טרויעריגע, האַלב־פאַר'חלומ'טע אויגען, דאָס געזיכט לענגליך און די הויט צאַרט און ווי דורכזיכטיג. פּונקט אַזעלכע האָט היימאַן ליעב. אַזעלכע זיינען צוגעלאָזענער און זידלען ניט אָפּ, ווען מען צערעדט זיך מיט זיי אפילו ניט פּאָר־געגעשטעלטערהייט. היימאַן איז געווען זיכער, אַז ווען זי איז אַליין, וואָלט ער זי שוין געוואונען.

צום גליק האָט זיך דער יונגערמאַן אויפגעהויבען, עפּעס אַ מורמעל געטאָן צו דער מיידעל און איז פאַרשוואונדען. היימאַן האָט לייכטער אָבגעאָטעמט, געקוקט אויף איהר מיט האַלב־בע־טענדיגע, האַלב־אַרויסרופענדיגע בליקען און ניט געוואוסט ווי אַזוי דעם געשפּרעך אָנצוהויבען. עפּעס האָט ער ניט געקענט באַנעהמען צו וועלכען קרייז זי געהערט.

נאָר באַלד איז איהם איינגעפאַלען צו שטעלען איהר אַ פראַגע:

— ענטשולדיגט, איז דער יונגערמאַן אייערער אַ ברודער?...

דאָס מיידעל האָט טרויעריג אַראָפּגעלאָזט די אויגען און ווי מיט אַ זיפץ געענטפערט:

— ניין... — און גלייך, ווי פאַר זיך, צוגעגעבען:

— ליידער האָב איך ניט קיין ברודער...

דער ענטפער האָט היימאַנ׳ען אינגאַנצען אָפּגעקויפט. ער האָט זיך געפאַסט מוט און פּאַטעטיש אויסגערופען:

— קען איך מיר ערלויבען צו זיין אייערער אַ ברודער?...

דאָס מיידעל האָט איהם אָנפאַנגס פאַרדעכטיגט אָנגעקוקט, באַלד אָבער האָט איהר געזיכט אָנגענומען אַ צוטרוילּיכען אויס־דרוק און מיט אַ האַרציגען אָפּענעם שמייכעל האָט זי ווי אויס־געזונגען:

— אַך, מיין גאָט! ווי שעהן עס קלינגט! — אַ ברודער!

זי האָט זיך פאַרטראַכט, אָנגעקוקט פאַרשענדיג היימאַנ׳ען און געפרעגט:

— קענט איהר אָבער זיין אַ ברודער?

היימאַן האָט זיך אָנגעכאַפּט ווי אַן אָנגעצונדענער.

— אַ, יאַ, געוויס, נאָך ווי... אַ ברודער, אַן אמת׳ער ברודער...

דאָס מיידעל איז געוואָרען גערירט און געקוקט איהם אין די אויגען:

— איך דאַנק אייך!

און האָט איהם אויסגעצויגען די האַנד.

היימאַן האָט איהר האַנד אַריינגעכאַפּט אין זיינער און זי שטאַרק געדריקט אַלס צייכען פון ברודערליכקייט.

זי האָט ענדליך זיך פאַרקוקט, ווי זי וואָלט עמיצען געזוכט...

היימאַן האָט עס אָבער ניט באַמערקט. ער האָט געמאַכט פּלענער, ווי אַזוי פון ברודער איבערגעהן צום געליעבטען...

ער האָט איהר פאַרגעלעגט זיך דורכגעהן אַביסעל איבער׳ן זאַל...

— קומט, שוועסטער! — האט ער געשמייכעלט...

— יא, ברודער, קומט...

ער האט געזוכט ווייטער ווי אזוי צוצוקומען צום פונקט. אט אפשר דא אין ווינקעל איז דונקעלער, דאס פובליקום איז פארטאן... דאס מיידעל, פיהלט ער, פארליערט זיך אין גאנצען, עפעס אזא אומרוהיגקייט קומט פאר אין איהר. עס איז ניט אומזיסט.

— וואס זייט איהר אזוי אומרוהיג?...

— אד, פרעגט ניט...

— מעג איך אייך א קוש געבען...

זי האט איהם אנגעקוקט פארוואונדערט:

— א ברודער קושט זיך ניט...

היימאן איז געבליבען פארווירט: אט האסטו דיר... הייסט עס, אז דער מיטעל איז נאך ערגער...

— אויב אזוי, ענטשולדיגט, שוועסטער... איך האב ניט גע־וואוסט...

ער האט געשוויגען א ווייל'ע און ניט געפונען קיין ווערטער. ענדליך האט ער זיך דערמאנט אז דעם יונגענמאן, וואס איז פריי־הער מיט איהר געזעסען.

— ווער איז, שוועסטער, דער יונגערמאן, מיט וועמען איהר זייט געזעסען?

— פרעגט מיך ניט, ברודער, — האט זי טרויעריג געענט־פערט, — ער איז א שלעכטער מענש. איהר זעהט, ער איז אוועק און מיך געלאזען אליין. ער איז זעהר א שלעכטער...

— וואס־זשע דארפט איהר איהם, ווען ער איז א שלעכ־טער?... — האט היימאן בתמימות געפרעגט.

— אד, ברודער, אייך מעג איך דערצעהלען, איהר זייט אזא פיינער, אזא גוטער... אט דעם שלעכטער יונגענמאן האב איך ליעב, שרעקליך ליעב... זעהט, ער איז אוועק און מיך געלאזען דא אליין... באגלייט מיך, ברודער, אהיים. איהר זייט אזא גו־

טער, אזא פיינער... ער וועט שוין ניט קומען, אוועק מיט אַן אַנדערער... באַגלייט מיך אַהיים!...

דאָ האָט היימאַן זיך ווירקליך דערפֿיהלט ווי אַ ברודער און ער האָט זיך געטרייסט:

— מילא, אַ שוועסטער איז אויך עפּעס. געהסט פֿאָרט ניט אַרוים אַליין פֿון זאַל...

# דער אייגענער אויטאָמאָביל

ביילין איז אַ יונגערמאַן ניט קיין בעל־תכלית. וואָס ער פאַרדיענט, דאָס פאַרלעבט ער. זיינע פריינד,אַלע פאַרמעגליכע, זאָגען איהם אַלע מאָל מוסר: סטייטש, ווי האָט דאָס ניט אַ מענש אָפּגעשפּאָרט אין אַ באַנק כאָטש פינף הונדערט דאָלער? ענטפערט ביילין מיט אַ שמייכעלע, אַז כל־זמן ער איז געזונד, וועט ער זיך שוין אַליין פאַרזאָרגען און אַז ער וועט ניט קענען זאָרגען פאַר זיך, זאָל זיך זאָרגען דעמאָלט די וועלט...

קוקען זיי איהם אָן, ווי אַ הפקר־מענשען, און זיינען זיך מיאש פון איהם. איינער פון זיי, וואָס איז נוטה צו פילאָזאָפיע, מור־מעלט אַרוים:

— וואָס מיינט איהר? ער איז ניט אינגאַנצען אומגערעכט... וואָס קען טאַקע אַ מענש פאַרזאָרגען?...

זאָנסט איז ביילין אַ מענש מיט אַלע מעלות: אַ שעהנער, אַ געזונטער און שמענדיג אין אַ גוטען הומאָר. קומט ער ערגעץ אין אַ פאַמיליען־הויז, ווערט דאָרט אויפגעלעבט. ער האַלט זיך פריי און אויפריכטיג, און ערלויבט זיך אַמאָל צו פלירטעווען מיט דער יונגער בעל־הבית׳טע, אָדער מיט דער יונגער טאָכטער, אין דער אַנוועזענהייט פון מאַן אָדער פון פאָטער און מוטער.

דערפאַר איז ער אומעטום אַן אַנגעלעגטער גאַסט.ער ווערט איינגעלאַדען זעהר אָפט אין באַקאַנטע הייזער, און ער פיהלט זיך איבעראַל היימיש און זאָרגלאָז.

און אַזוי וואָלט ער זיך רוהיג פאַרטגעזעצט זיין לעבען, ווען ניט די אויטאָמאָבילען־עפּידעמיע, וואָס האָט אַזוי פּלוצלינג, ווי יעדע עפּידעמיע, אויסגעבראָכען צווישען זיינע פאַרמעגליכע באַ־קאַנטע פאַמיליען.

די ערשטע, וואו די קראַנקהייט האָט זיך אַריינגעכאַפּט, איז געווען די פאַמיליע ציפּעראַוויטש. מר. ציפּעראַוויטש אַליין איז אַ איד, וואָס ניט נאָר ער קען ניט טרייבען קיין אויטאָמאָביל, ער האָט אפילו מורא דורכצוגעהן די גאַס, ווען ער זעהט אַן אויטאָמאָביל פאַר אַ מייל. ער שטעהט דעמאָלט און וואַרט ביז ער וועט אַריבערפאָהרען. און אַז יענער פאָהרט שוין אַריבער, שטעהט ער נאָך אַלץ ביים קאַרנער און וואַרט אויף אַ צווייטען, וועלכער „פייפט" ערגעץ אין אַ צווייטער גאַס... אָבער דערפאַר איז מרס. ציפּעראַוויטש אַ פרוי אַ מאַדים. זי, ניט נאָר וואָס זי האָט ניט קיין מורא אַריבערצוגעהן קעגען אַן אויטאָמאָביל, נאָר זי האָט אַ השגה אַליין צו פאָהרען. אַז ציפּעראַוויטש האָט דאָס ערשטע מאָל דערהערט איהר פאַרלאַנג, צו קויפען אַן אויטאָמאָביל, איז ער פאַרציטערט געוואָרען.

— וואָס רעדסטו? איך אַן אויטאָמאָביל! מיר וועלען דער'הרג'עט ווערען ביים ערשטען מאָל פאָהרען...

— א י ך וועל טרייבען! — האָט זי איהם באַרוהיגט.

און ציפּעראַוויטש האָט איהר פאַרגעשלאָגען אַ נייעם רינג, אַ סויבעלנעם קראַגען, אַן עכטע זיידענע קלייד, נאָר ניט קיין אויטאָמאָביל. האָט מאַדאַם ציפּעראַוויטש דאָס אַלץ פון איהם באַקומען.

אָבער ערשט דאַן האָט זיך איהר חשק צו אַן אויטאָמאָביל נאָך מעהר צובראָכען. וואָרים אין אַזוינע רייכע קליידער צו פאָהרען אין אַ קאַר, אָדער אויפ'ן „על", איז אַ אַך און וועה צו די קליידער. וואָרים, מ'שטיינס געזאָגט, ווער פאָהרט היינטיגען צייטען אין אַ קאַר, צי אויפ'ן „על", צי אפילו אין סאָבווי? מיט דער בראָד־ווייער סאָבווי איז נאָך ווי עס איז; אָבער מיט דעם „על" און מיט אַ קאַר איז דאָך היינט אַ חרפה צו פאָהרען. לויטער אַרבייטער און ווייס איך ווער...

און עס האָט ניט לאַנג געדויערט און די מרס. ציפּעראַוויטש האָט אויסגעפיהרט. עס איז געקויפט געוואָרען אַן אויטאָמאָביל פאַר דריי פערזאָן, אויסער'ן „זיץ" פאַר'ן שאופער. וואָרים כאָטש

מרס. ציפּעראָוויטש האָט זיך באַריהמט, אַז טרייבען וועט זי, האָט זיך דאָך, אַז עס איז געקומען דערצו, זיך ניט געטרויט.

קיין קינדער האָבען די ציפּעראָוויטשעס ניט געהאַט. זיצען זיי ביידע אָנגעשפּאַרט אויפ'ן ווייכען ווענטעל פון אויטאָמאָביל און דער שאָפער זיצט פאָראויס און יאָגט... דער דריטער לעדי־גער פּלאַץ לאָזט מרס. ציפּעראָוויטש ניט רוהען.

— דאָ קען זיצען נאָך אַ מענש, — זיפצט זי.

— יאָ... דאָ קען זיצען נאָך אַ מענש בהרחבה! — זיפצט מר. ציפּעראָוויטש.

— ווייסטו ניט אַמאָל וואו ביילין וואוינט? — פאַלט איין מרס. ציפּעראָוויטש'ן צו פרעגען דעם מאַן.

צום גליק (און צו ביילינ'ס אומגליק) ווייס ער יאָ. און מרס. ציפּעראָוויטש בויגט זיך אַז צום שאָפער און זאָגט איהם, אַז ער זאָל אַהין צופאָהרען.

ערפאָהרען זיי ביי זיין מיסיס, אַז ער איז אַוועק צו די עטקינס. די עטקינס וואוינען ערגעץ אין אַ געגענגעזעצטען געגענד. נאָר אַ ברירה האָט מען, מען מוז געבען ביילינ'ען אַ ראַיד... ער איז ווערט, אַ טייערער יונגערמאַן, און דערצו פּוסטעוועט אַ פּלאַץ. די געזאַלין דיזעלבע, און דער שאָפער דערזעלביגער...

גאָט צו דאַנקען, מען האָט איהם געפונען ביי די עטקינס... ער אַמוזירט זיך דאָרטען אויפ'ן בעסטען אופן. די יונגע מיס עטקין איז דאָס מאָל פאַרליעבט אין איהם. ער זיצט נעבען איהר און ער זאָגט איהר כלומרשט אַ סוד אין אויער; אָבער עס איז „קאַמופלאַזש" — עס איז אַ קוש... ער פיהלט זיך ווי אין זיבעטען הימעל... מיט אַמאָל:

— מר. ביילין, קומט, מיר ווילען אייך געבען אַ ראַיד.

ביילין ווערט צוטומעלט: אַ ראַיד?... צו וואָס דאַרף ער איצטער דעם ראַיד, אַז דאָ איז איהם גוט ווי די וועלט... די מיס וויל גאָר געהן מיט איהם אין פּאַרק... אַ שעהנער זומער־אָווענד... אָבער ווי אַזוי ענטזאָגט מען זיך פון אַ ראַיד?... מען וועט דאָך איהם האַלטען פאַר משוגע.

— אפשר איז דא פלאַץ פאַר מיס עטקין אויך? — בעט ער זיך.

— ניין, נאָר פאַר אייך... קומט! — שלעפּט איהם פריינדליך מרס. ציפּעראַוויטש.

און ער לאָזט זיך געהן, ווי אַ פאַרשולדיגטער, ווי אַ געפיהר־מער צום טויט־שטראַף. ווער ווייס, אפשר ווערט ער גע'הרג'עט... נאָר ווי זאָגט מען זיך אָפּ?...

* * *

פאַרדריסט עס די עטקינס, וואָס די ציפּעראַוויטשעס האָבען אַן אויטאָמאָביל און זיי, וואָס זיינען אפשר רייכער—האָבען ניט... ווע־לען זיי ווייזען, אַז ווען זיי ווילען קויפען אַן אויטאָמאָביל, וועט עס ניט זיין עפּעס אַ מין „פאַרד'ל", נאָר טאַקע אַן אויטאָמאָביל פון אַ זעכצעהן הונדערט דאָלער מיט זיבען סיטס...

געזאָגט און געטאָן! די עטקינס האָבען שוין אַן אויטאָמאָ־ביל. אמת, ניט פאַר זיבען, נאָר פאַר פינף פּערזאָן, און קאָסטען קאָסט ער ניין הונדערט דאָלער, אַ געניצטער, הייסט עס, אָבגע־קויפט פון אַן אַראָפּגעקומענעם אַלרייטניק... הייסט עס, איז דאָ פּלאַץ פאַר דער פאַמיליע און נאָך פאַר ביילינ'ען.

ביילין האָט עס דערהערט, איז ער געוואָרען אַ פאַרציטער־טער: ער וועט שוין הפּנים מיט זיין טויט ניט שטאַרבען... דער טויט אַרט איהם שוין ניט, ווי די פרייהייט... מען לאָזט איהם ניט אָפּאָטעמען. האָט ער נאָר אַ פרייע שטונדע, שלעפּט מען איהם. מען וויל איהם געבען אַ ראַיד. דאָ די עטקינס, דאָ די ציפּעראַוויטשעס, און די לעצטע צייט איז צוגעקומען נאָך אַ פאַ־מיליע — די גרינפעלדס. זיי האָבען אַן אויטאָמאָביל פאַר זיבען פּערזאָן און האָבען אויך קיין קינדער ניט.

ביי זיין וואָינונג קומען זיך אַמאָל צוזאַמען אַלע אויטאָמאָ־בילען, זיי פּייפען און גיבען סיגנאַלען...

— געהט, מען רופט אייך! — טרייבט איהם די מיסיס.

און ער געהט אַרויס, ניט ווי מיט זיין אייגענעם ווילען, נאָר ווי געטריבען דורך אַ פרעמדען כח, און ער בלייבט שטעהן...

— אהער, מר.ביילין! — שלעפּט איהם מרס. ציפּעראוויטש.

— וואס וועט איהר נאך וועלען? — באליידיגט זיך מרס. עטקין — אהער, ביילין, מיר וועלען אייך געבען א ראיד אין ניו ראשעל.

— ניו ראשעל! — פּארקרימט זיך מרס. גרינפעלד, — וואס איז צו זעהן אין ניו ראשעל?... מיר „געהען" קיין קוני־איילענד... מיר וועלען דארט האבען סאפּער. קומט אריין מר. ביילין, איהר וועט האבען א גוד־טיים.

ניין! אזוי לאנג ציהען קען זיך עס ניט. ער האט ניט קיין גערולד... ער האט ליעב פּערזענליכע פּרייהייט... גראד ווען ער וויל זיצען, מוז ער פאהרען; ווען ער וויל עסען, מוז ער פאהרען; ווען ער וויל שלאפען, מוז ער פאהרען... אפּזאגען פּאסט ניט. ווי אזוי זאגט מען זיך אפּ פון אן אומזיסטען ראיד? מען וועט איהם דאך האלטען פאר א משוגע'נעם...

מען מוז זעהן א מיטעל!

האט ער גענומען זאמלען א פּעני צו א פּעני — ביז ער האט אויפגעזאמעלט זעקס הונדערט דאלער.

אז די סומע איז פול געווארען, האט ער עס באוויזען די עטקינס, נאכדעם די ציפּעראוויטשעס, די גרינפעלדס און די איבעריגע באקאנטע, וואס זיינען געווען אייגענטימער פון אויטאמאבילען.

— ס'הייסט, איהר האט זיך געכאפּט, אז מען מוז פּארט אפּשפּארען עטליכע דאלער — האבען זיי זיך איבער איהם געוויצעלט.

— ניט דאס... — האט ער זיי געענטפערט און געשמייכעלט. — ניט דאס... איך האב איינגעזעהן, אז היינטיגע צייטען מוז יעדער מענש האבען אן אייגענעם אויטאמאביל...

— איהר, אן אויטאמאביל?!...

— יעס, מיינע פריינד; איך מוז איהם האבען... — האט ביילין געשמייכעלט.

און איצט באזיצט דער ארימער ביילין אן אויטאמאביל... ער

האלט איהם אין גאראדזש ביי א פריינד. און ווען די עטקינס, די ציפעראוויטשעס און די גרינפעלדס קומען צו איהם פארשלאגען א ראיד, ענטפערט ער מיט א שמייכעל:

— איך דאנק אייך זעהר, איך האב אן אייגענעם...

און ער לאזט זיך אוועק צופוס צו א נייער פאמיליע, וואס ער האט די לעצטע צייט אויסגעזוכט מיט שוועריגקייט — א פא־מיליע אהן אן אויטאמאביל...

לאנג לעבען זאלען זיי!...

# דער אויסוועג

אזוי וואלט העניע'ן גארניט געפעהלט. אלס די עלטערע שוועסטער איז זי פטור פון שאפ. די צוויי באיעס ברידער און די אינגערע שוועסטער זיינען איהר שוין יוצא, זיי ארבייטען שוין פאר איהר „אווערטיים“. זי העלפט נאר צו דער אלטער מאמע'ן אין הויז און אמאל אין קיך. איז אבער אז אומגליק, וואס מען קען אייביג ניט פיהרען אזוי דאס שטילע, רוהיגע לעבען, מען מוז חתונה האבען.

זי אליין ווייס ניט אזוי פון איהר גרויס אומגליק, ווי די מאמע. די מאמע, וועלכע האט אמאל אין דער היים, א קליין שטעדטעל אין פוילען, חתונה געהאט צו פערצעהן יאהר, האט געהאלטען העניע'ן פאר א פארזעסענער צו אכצעהן יאהר, ווער רעדט, אז העניע איז געווארען צוואנציג און איין־און־צוואנציג, האט שוין זיך גע־פיהלט אין הויז דאס אומגליק צו אנטאפען. א פארזעסען מיידעל! אלע זיינען, דאכט זיך, געווען געזונד און אין ארדנונג, דאך האט זיך געדאכט, אז אין שטוב איז דא עפעס א חולה און דער חולה איז געווען די געזונטע, שלאנקע, שווארץ־אויגיגע העניע. העניע אליין האט אויך געפיהלט, ווי עפעס איז זי ניט זי; עס דארף איינער קומען און אוועקנעהמען זי; נאר ווי אזוי דאס קען געשעהן ווייס זי ניט, סיידען עס זאל פאסירען א נס...

און אז העניע איז אלט געווארען פיער און צוואנציג יאהר איז שוין אין הויז, וואס איז באשטאנען פון פינף רומס, געווארען אזוי ענג און דריקענד, ווי דארט וואלט ניט נאר אומגעגאנגען ערגעץ א חולה, נאר ווי דער חולה וואלט שוין געלעגען אין בעט און גע־גוסס'ט. די מוטער פלעגט שוין מיט זיפצען אליין ניט אבקומען. זי פלעגט אלע פארנאכט, ווען די באיעס זיינען געקומען פון דער

ארבייט און אבגעגעסען דעם סאפער, פארברעכען מיט די הענט, ווי זי וואלט עמיצען באקלאגען, קוקען אויף העניע'ן, וואס איז געזעסען געגענאיבער, נאך אלץ א בליהענדע און פול מיט לעבען, און פלעגט מענה'ן:

— וואס טהוט מען פארט מיט העניע'ן? אפשר זאל זי געהן ארבייטען און זיך באקענען מיט מענשען... וויים איך... היינטיגע צייטען... וועה איז מיר...

האט העניע, א פארשולדיגטע, וואס קיינער קומט זי ניט אוועקנעהמען, אויסגעצויגען אויף די קניע די הענט מיט די לאנגע, ווייסע פינגער, געקוקט אויף די שפיצען פון די ראזעווע נעגעל און ניט געוואוסט, ווי אזוי קען מען זיך ראטעווען פון דעם דאזיגען אומגליק, וואס זי וויים ניט ווען ער וועט פארשווינדען.

די ברידער פון זייער זייט פלעגען טאן זייערע מיטלען, פון צייט צו צייט ארויפקומען מיט זייערע חברים, אמעריקאניזירטע באיעס, וואס א מאנכער פון זיי וואלט געווען א גליק פאר העניע'ן. האט העניע מיט זיי גערעדט אי אויף אידיש, אי אויף ענגליש, זיי דערלאנגט טעע מיט אראנזשעס, מיט באנאנעס און געקוקט אויף זיי מיט בליקען פול תחנונים: נעהמט מיך אוועק פון דאנען, טוט א טובה!

אבער קיינער פון די באיעס האט ניט געהאט דעם מוט און דעם ווילען צו נעהמען אויף זיך אזא פאראנטוואָרטליכקייט. אויסער דעם האבען א פאר פון זיי שוין געהאט כלות, וועמען זיי האבען שוין געשענקט צו דימענט־רינגען און צו בראסלעטען. עס וואלט געווען א צו־שווערע זאך אפצונעהמען עס צוריק פון די כלות, וועלכע ווייסען אלע געזעצען בנוגע א באלעדיגטער מיידעל...

האט שוין איינמאל די מאמע פארגעשלאגען א היימישען מי־טעל: א שדכן!

— מילא, אז פארליעבען זיך אין דיר פארליעבט מען זיך ניט, טא וואס קען מען זיך העלפען!

איז העניע אויך אויף דעם איינגעגאנגען. ווי באלד, אז עס

איז אזא אומגליק, צו זיצען א מיידעל, טא וואס קען מען זיך העלפען.

עס זיינען אוועק נאך צוויי יאהר און פון די שדכנים איז אויך ניט געקומען קיין הילף. דאס רוב זיינען די „געראדטע" חתנים געווען מיטעליעהריגע אידען, וואס האבען געדארפט האבען אין שטוב א בעל־הבית׳טע פאר זיך און פאר די קינדערלאך.

ביז העניע איז ארוים פון געדולד און ווען די מוטער האט זי איינמאל לעבעדיגערהייט באקלאגט, האט העניע א געשריי געטאן:

— מאמע, איך וויל ניט חתונה האבען! איך וועל קיינמאל ניט חתונה האבען.

— מילא, ניט איז ניט... — האט די אלטע מוטער זיך מיאש געווען און האט זיך גענומען צו דער הויזיגער ארבייט.

* * *

דער באשלוס איז געווען א פעסטער און העניע האט זיך דער־פיהלט ווי ניי־געבוירען. אזא לייכטען מיטעל צום אומגליק, האט זי זיך ניט געקענט פארשטעלען. אומזיסט האט זי יאהרען־לאנג אפגעלעבט אין שרעק און מיט הארץ־קלאפעניש: יא... ניט? זיכער ניט חתונה האבען — און זי איז שוין א פרייער מענש...

אין א וואך ארום נאך איהר באשלוס איז געקומען דער ברוד־דער מיט זיינע צוויי חברים. איינער פון זיי איז געווען א רויכער־רער. העניע איז צוגעגאנגען צום טיש, וואו דאס קעסטעלע איז געלעגען פאר איהם אן אפענע און געבעטען מיט א שמייכעל א סי־גארעטעל.

— איהר מיינט עס ערנסט? — האט דער יונגערמאן אויס־געשטעלט אויף איהר די אויגען פארוואונדערט.

זי האט ארויסגענומען פון קעסטעלע א סיגארעטעל, אריינ־גענומען אין איהר קליינעם, ראזעווען מיילכעל און געבעטען א שוועבעלע. דער יונגערמאן האט איהר צוגעטראגען זיין ברע־נענדען סיגארעטעל און זי האט פאררויכערט אן זיין פייער.

זי האט א פאר ציה געטהאן און האט זיך אביסעל פארהוסט,

אבער גערויכערט ווייטער און דער יונגערמאַן האָט צוגעגעבען, אַז עס פּאַסט איהר:

— שעהן, אַז אַ ליידי רויכערט...

— איך האָב אַלע מאָל מקנא געווען פרויען, וואָס רויכע־רען! — האָט העניע געשמייכעלט.

דער עלטערער ברודער האָט איהר געוואָלט שטערען, אָבער העניע האָט אויף איהם בייז אַ קוק געטאָן און פאַרטגעזעצט צו רויכערען.

די צוויי יונגעלייט זיינען געבליבען זיצען לענגער, ווי געוועהנ־ליך. דער רויכערער האָט איהר פאַרגעלעגט צו נעהמען נאָך אַ סיגאַרעט, אָבער זי האָט זיך חנ'עוודיג ענטזאָגט.

— פאַר דאָס ערשטע מאָל גענוג...

עס איז געוואָרען שפּעט.

דער צווייטער יונגערמאַן האָט ענדליך דערפיהלט, אַז עס איז צייט צו געהן. דער רויכערער אָבער האָט איהם פאַרהאַלטען.

— וואָס איילט איהר זיך? דאָ איז גאַנץ אינטערעסאַנט...

העניע האָט עפּעס דערפיהלט זיכערעס אונטער איהרע פיס. זי האָט באַקומען אַ נייעם מוט. דאָס ערשטע מאָל קוקט זי אויף די יונגע לייט ניט ווי אויף חתנים, נאָר ווי אויף צוויי באַיעס, פון וועלכע איינער איז אביסעל לעבעדיגער. ווייטער אָבער אינטע־רעסירען זיי איהר ניט. זי וויל גאָרניט געפעלען. אַט אביסעל רייצען זיך מיט זיי איז אינטערעסאַנט.

איהר ניי געפיהל האָט זיך גלייך איבערגעגעבען צום רויכענ־דען יונגען מאַן. ער האָט ווי פאַרלוירען זיין גלייכגעוויכט. איהם האָט זיך געוואָלט אַננעהמען העניע'ן פאַר איהר האַנט און זאָגען איהר עפּעס. ער האָט אָבער ניט געוואָגט.

* * *

אַ באַשלוס „קיינמאָל ניט חתונה האָבען!“ און העניע קען חתונה האָבען מיט וועמען זי וויל. איבערהויפּט זייט זי האָט אָפּגעשוירען איהרע לאַנגע האָר און אַראָפּגעוואָרפען דאָס פאַרגאַנ־

גענע, איז זי אַרומגערינגעלט געוואָרען מיט פאַרעהרער. אַלע באַ־וואונדערען. ווי עס פּאַסט איהר!

די מוטער וויל זיך מיט איהר דורכריידען, וואָס וועט פאַרט זיין דער תכלית. אָבער זי האָט מורא פאַר העניע'ן. עפּעס איז העניע גאָר אַן אַנדערע געוואָרען. אַ נייע... נעכטען איז זי אַהיים געקומען מיט צוויי יונגעלייט — מאַנאַרכעס! איינער, זאָגט זי, איז אַ גרויסער מאָלער און דער צווייטער אַ פּאָעט! וויכטיגע מענשען, ווייזט אויס... וואָס האָבען זיי אין איהר דערזעהן?...

ענדליך האָט זי העניע'ן געפרעגט:

— אפשר וואָלסטו מיט איינעם פון די נעכטיגע יונגע לייט חתונה געהאַט?

— איך האָב רייכערע פאַר זיי... — האָט העניע שטאָלץ גע־ענטפערט. איך האָב זיך נעכטען באַקאַנט מיט אַ ביזנעס־מאַן... ער וועט די כפרה פאַר מיר...

און ברייט צושמייכלענדיג זיך האָט זי געזאָגט:

— זעהסט, מאַמע, דער איינציגער מיטעל צו חתונה האָבען, איז ניט וועלען חתונה האָבען... איך וועל קיינמאָל ניט חתונה האָבען...

די מוטער אָבער האָט דערפיהלט, אַז העניע וועט שוין ניט פאַרזיצען, און האָט פאַר זיך געמורמעלט:

— מילא, וואָס איז טאַקע דאָס יאַגעניש. אַ געשווירענע — זעהט זי אויס ווי אַ מיידעלע פון אכצעהן. זי האָט נאָך צייט!...

# א קאָמישע לאַגע

**צווישען** די פּיעלע בעקאַנטע, וואָס איך האָב מיך ערוואָרבען ווילענדיג־ניט־ווילענדיג פאַר דער צייט, וואָס איך וואוין דאָ אין ניו־יאָרק, איז ליפּמאַן ניט פון די טאָמע ווייטסטע, כאָטש איך זעה איהם בערך זעלטענער ווי די אַנדערע. דערפאַר אָבער, אַז ער באַגעגענט מיך, צי אין גאַס, צי ערגעץ אונטער אַ דאַך, שטעלט ער מיך שוין אָפּ, געהט צו מיר צו און פרעגט מיך אויס און דער־צעהלט אויס פון איהם, ווי נאָר אַן אייגענער מענש. דאָס לעצטע מאָל האָב איך איהם באַגעגענט אין אַ זעהר יום־טוב׳דיגען און אויפגעלעגטען צושטאַנד.

— וואָס מאַכט איהר, מר. ליפּמאַן? — האָב איך איהם גע־פרעגט פון העפליכקייט וועגען.

ער האָט אַ מאַך געטהאָן מיט דער האַנד, ווי איינער זאָגט: פרעגט בעסער ניט. און באַלד האָט ער זיך צולאַכט.

— איך פאַרשטעה אייך ניט — האָב איך איהם אַנגעקוקט פאַר׳חדוש׳ט.

— איך פאַרשטעה מיך אויך ניט... — האָט ער געענטפערט שוין אין ערנסט, און נאָך אַ קליינער פּאוזע האָט ער, מיר אַריינ־קוקענדיג אין די אויגען, געפרעגט:

— זאָגט מיר, איך בעט אייך, ווי אַלט זעה איך אויס... אָבער דעם אמת.

איך האָב אפילו ניט פאַרשטאַנען, צי וואָס אין מיטען דער־רינען פרעגט ער מיך זיינע יאָהרען, אָבער זיך פאַרשטעלענדיג, אַז זיין פראַגע מיינט עפּעס וויכטיגעס, האָב איך איהם גענוי באַ־טראַכט און זיך משער געווען, אַז ער איז אַלט ביי פינף־זעקס־און־דרייסיג...

— זעהט איהר! — האט ער אויסגערופען — אט דאס גיבען מיר אלע, און שטעלט זיך פאר, אז איך בין שוין צוויי־און־פערציג יאהר אלט...

— נו, איז וואס!... — האב איך איהם בארוהיגט — דאס איז אויך זעהר יונג.

— זיכער... — האט ער מסכים געווען. — איך קען דא בחורים, וואס זיינען נאך עלטער. אבער א י ך, וועט איהר גלויבען, א י ך האב שוין אן איניקעל... היינט געווען דער ברית... גע־ווארען א זיידע...

דאס האט מיך שוין איבערראשט. ווירקליך האט זיך דער נאמען זיידע אזוי ניט געפאסט צו זיין גאנץ יונגען אויסזעהן און צו זיין האלטען זיך.

— טאקע אביסעל קאמיש... — האב איך איהם נאכגעגעבען. — איהר זעהט אוים אזוי יונג.

— קאמיש, זאגט איהר! — האט ער זיך אויפגעכאפט. — עס איז מעהר ווי קאמיש, עס איז טראגיש... פון איין זייט בין איך פול מיט יוגענד, מיט לוסט און לעבען, און פון דער צווייטער זייט — א זיידע! היינט געווען דער ברית ביים איניקעל. א ברית מיט אלע פיטשעווקעס. איך בין געווען סנדק. איהר דארפט וויסען, אז איך האב מיין טאכטער זעהר ליעב... כ'האב געמוזט!

— נו, און ווי פיהלט אייער ווייב? זי מוז דאך פיהלען נאך טראגישער. — האט איך איהם געפרואווט טרייסטען מיט דער צרה פון א צווייטער פערזאן.

— דאס ווייב איז נאך אינגער פון מיר מיט א יאהר, אבער דאס איז איהר גליק, וואס זי זעהט אוים עלטער. איך בין איהר טאקע מקנא. נאטירליך, קינדער געבוירען, ערצויגען, אויף איהר האט זיך עס אפגעשטעמפעלט. זי פארלירט דערביי גארניט; פארקעהרט, זי קוועלט — א יונגע באבע. אבער איך, פארשטעהט איהר מיך, בין גאר עפעס אנדערש. איך בין א מאן, און וואו מען דארף — איז פארלייקענט מען אמאל, אז מען איז גאר א באווייב־טער. א ווייב פארלייקענען איז גיט אזוי שווער, אבער אן איינ־

קעל פארלייקענען — דאס איז שווער... דאס הארץ לאזט עפעס ניט... איז ווייס איך טאקע ניט, וואס זאל איך היינט אווענט טאן...

— וואס עפעס דוקא היינט אווענר? — וויל איך דערגעהן...

— פארשטעהט איהר מיך... — האט ער געוואלט ערקלערען און זיך אפגעהאקט.

— נו, וואס?... — האב איך איהם געפארשט.

— היינט אווענד האב איך א ראנדעוואו... דער ראנדעוואו איז גראד אויסגעפאלען אין איין טאג מיט'ן ברית. שטעלט זיך פאר די לאגע: בייטאגביים אייניקעל'ס ברית און אין אווענד א ראנדעוואו מיט א געליעבטער... ערשט געווען סנדק און באלד ווער א געליעבטער... ווי אזוי קען מען עס ביי זיך פועל'ן?... איך וועל דאך איהר ניט קענען קוקען אין די אויגען. אז איך האב א ווייב, ארט איהר שוין ניט, דאס האב איך איהר אליין געזאגט. זי איז דוקא אליין אויך א ווייבעל... אבער אז אייניקעל, ניין, דאס וועל איך איהר ניט זאגען. א זיידע פיהרט ניט קיין ליעבעס...

— נו, טא געהט ניט מעהר צו איהר — האב איך איהם גע־ראטען.

— ניט געהן מעהר!... — האט ער זיך פארקרימט, — און וואס? בלייבען טאקע א זיידע, זעגענען זיך מיט דער יוגענד... ווי אזוי קען איך עס?... איך זאג אייך, אז די לאגע איז טראגיש...

— נו, טא דערצעהלט איהר... אפשר וועט עס איהר גאר ניט ארען...

— איך ווייס ניט ווי אזוי... „וואו ביזטו היינט געווען ליפ־מאן?" — „אויף א ברית!" ווי לעכערליך דאס קלינגט... איך האב זי גאר געוואלט היינט אויסנעהמען אין א דענסינג־פלאץ. איך קען טאנצען און האב עס ליעב... אבער ווי אזוי וועל איך היינט טאנצען די אמעריקאנער טענץ, אז איך בין נאר וואס געווען סנדק ביי אן אייגענעם אייניקעל. איך פרעג אייך? סיידען זיך לאזען א קאזאק, ווי אז אלטער בעל שמחה...

ער האט מיך אנגעקוקט מיט בייזקייט, ווי איך וואלט געווען

שולדיג אין זיין זיידע'שאפט. איך האב איהם אבער מיטגעפיהלט און געראטען:

— היינט געהט נאך צו איהר און האלט ווארט... שפעטער אבער ערקלעהר עס איהר.

— ערקלעהרען איהר, אויסזאגען איהר! — האט ער זיך צו־שריען. — ניין!... דאס ניט... איך קען עס ניט... זי וועט עס ניט ערפאהרען א לאנגע צייט...

— ביז וואנען איהר וועט האבען אן אור־אייניקעל... — לאך איך.

— וואס מיינט איהר, — איז ער געווארען ערנסט. — אין צוואנציג יאהר ארום קען איך שוין האבען אן אור־אייניקעל. ביי אונז האט מען פריה חתונה...

— דעמאלט וועט איהר שוין אלעמען דערצעהלען...

— וואס דעמאלט וועט זיין, וויים איך ניט, — האט ער זיך פארטראכט. — עס ווענדט זיך, ווי איך וועל אויסזעהן. צו צוויי און־זעכציג קען מען נאך זיין אמאל יונג.

ער איז אפגעגאנגען פון כעס, זיך קענטיג דערמאנט, אז עס איז שוין באלד אכט און זי ווארט אויף איהם. ער האט זיך מיט מיר שנעל געזעגענט און זיך געלאזט צו א קאר, וועלכע איז גע־גאנגען אין דער ריכטונג, וואו זיין געליעבטע ווארט אויף איהם.

פון דער קאר האט ער מיר געגריסט מיט'ן קאפ און לויט זיין פרעהליכער מינע האב איך פארשטאנען, אז ער האט שוין און אייניקעל און אן ברית אינגאנצען פארגעסען...

די יוגענד האט געזיעגט איבער'ן זיידען...

# דער ביזנעסמאַן

נאָך אויפ'ן שיף האָט זעליג אָפּגעמאַכט מיט זיך, אַז אַר־ ביַיטען אין אַמעריקאַ וועט ער נישט. פון אַרבייט קען מען קיין נגיר נישט ווערען, און בלויז דורכלעבען זיך, דאַרף ער ניט פאַר־ טראָגען דעם קאָפּ איבער'ן ים, און לאָזען אין דעם היים אַ וויב מיט קינדער.

און ווירקליך האָט זעליג די ערשטע צייט גלייך זיך גענומען צו ביזנעס. אויסבאָרגענדיג אַ הונדערט דאָלער ביי זיינעם אַ לאַנדסמאַן, האָט ער געקויפט אַ „פּייפּער־ראַוד" ערגעץ הינטער ניו־יאָרק. דער געגענד איז געווען האַלב נאָך וויסט. וואו־ניט־וואו איז געשטאַנען אַ הייזעלע און זעליג'ס עובדא איז געווען, יעדען פריהמאָרגען אַוועקלעגען ביי'ם טיר אַן ענגלישען פּייפּער און גלייך זיך אַבטראָגען...

קומענדיג אַלע וואָך זיך אָפּרעכענען מיט די קאַסטימער, וועל־ כע האָבען גערעדט בלויז ענגליש, האָט זעליג אין פאַרלויף פון אַ האַלב יאָהר צייט שוין געכאַפּט דעם שניט פון דער שפּראַך. ער האָט וועגען דעם מודיע געווען אין אַ לעטער זיין וויב, אַז מיט ענג־ ליש האַלט ער שוין גאָר נישקשה. וועגען געשעפט אַליין האָט ער אויך געשריעבען אין אַ געהויבענעם טאָן. אָבער בלייבען ביי די פּייפּער־ביזנעס וועט ער נישט, ער איז נאָר אויסען זיי אַרויפצו־ אַרבייטען און באַקומען אַ הונדערט דאָלער ריוח און ער וועט זיך נעהמען צו עפּעס אַנדערש.

אַרויפגעאַרבייט די פּייפּער־ראָוד, האָט איהם גענומען ציהען צו אַנדערע ביזנעס. איצט, אַז ער קען ענגליש, קען ער געהן העכ־ כער. ער האָט פאַרקויפט די רעכט אויף דער ראָוד מיט אַלע ענג־ לישע קאַסטימער פאַר דריי הונדערט דאָלער און ער אַליין האָט

אויסגעזוכט אַ קענדי־סטאַרקע אין אַ פּערוואַרפענעם געגענד, וועל־כער האָט געהאַלטען אין וואַקסען.

דער געגענד איז געווען באַזעצט דוקא פון איטאַליענער, פון וועלכע דער גרעסטער טייל האָט קיין ענגליש ניט געקענט. זעליג האָט זעהר באַדויערט, וואָס זיין ענגליש ריידען געהט דאָ אין ניוועץ, דערפאַר אָבער האָט ער זיך געטרייסט, אַז ער וועט די סטאַרקע אַרויפאַרבייטען, וועט ער, אויסער די פּאָר הונדערט דאָ־לער ריוח וואָס ער וועט נעהמען, זיך אויסלערנען ריידען נאָך אַ לשון און מיט איטאַליעניש און ענגליש, וועט ער איינגעהמען די וועלט...

אַרויפגעאַרבייט די סטאַרקע אין איטאַליענישען געגענד, האָט ער זיך געזעהן מיט אַ מעקלער און איהם פאַרגעלייגט, אַז ער וויל זי פאַרקויפען. דער מעקלער האָט געשלעפּט יעדען טאָג נייע אונ־ערנעהמער, ביז וואַנען איינעם איז זי שטאַרק געפעלען געוואָרען און זעליג האָט מיט זיינע עטליכע הונדערט דאָלער און מיט די צוויי שפּראַכען געזוכט עפּעס העכערעס.

דאָס דריטע געשעפט איז געווען אַ לאָונדרי; דער גע־גענד איז ניט געווען פון די געהויבענע, אָבער אַזוי ווי ער איז שוין געווען אַ מומחה אין אַרויפאַרבייטען ביזנעס, האָט ער געהאָפט פון דער לאָונדרי מאַכען אַ לייט, נאָכדעם ווי ער וועט שטעהט אין איהר וואָסערע זעקס־זיבען חדשים און נאָכדעם וועט ער זוכען עפּעס נאָך גרעסערס...

דאָס נייע געשעפט איז אָוועק בעסער ווי געוואונשען. זע־ליג'ען האָט בלויז פאַרדראָסען, וואָס די צוויי שפּראַכען — ענגליש און איטאַליעניש, וועלכע ער האָט זיך אויסגעלערענט ביי די פרי־הערדיגע געשעפטען, קומען איהם דאָ גאָרניט צוניץ, ווייל דער נייער געגענד איז דוקא אַ אידישער, און אַז ער הויבט אָן ריידען ענגליש אָדער איטאַליעניש, פאַרשטעהען איהם ניט די נייע קאַס־טימער. מעהר ווי „אָלרייט" אויף ענגליש קומט איהם ניט אויס צו געברויכען. די איטאַליענישע ווערטער וואַלגערען זיך ביי איהם אין קאָפּ גאָר אומזיסט און אומנישט.

דערפאַר אָבער האָט ער זיך געטרייסט, אַז די דאָזיגע לאָונדרי, נאָכדעם ווי ער וועט זי אַרויפאַרבייטען, וועט ער באַקומען אַן אַפּותיקא און דעמאָלט וועט ער זיך נעהמען אַרויפאַרבייטען אַ רעסטאָראַנט.

פאַרקויפענדיג די לאָונדרי, ווידער מיט אַ פּאָר הונדערט דאָלער ריוח, האָט זעליג געזוכט אַ רעסטאָראַנט.

אָנהויבען האָט ער געוואָלט ווידער קליין, און דערפאַר האָט ער געזוכט אין אַן אָרימען אידישען געגענד.

אָבער אַן אמת'ער רעסטאָראַנט האָט געפאָדערט אַ סך געלד, און מישב זייענדיג זיך מיט לאַנדסלייט און אַרומטראַכטענדיג די זאַך מיט זיין אייגענעם שכל, האָט ער באַשלאָסען עפענען דערווייל אַ רעסטאָראַנטעל, וואָס די הויפּט־זאַך זאָל זיין קנישעס...

איז אָבער אַן אומגליק, וואָס אַליין איז ער פון ליטא און ריידען רעדט ער מיט'ן סין און מיט'ן מלופים. צו ליטווישע קנישעס וועט מען ניט האָבען קיין צוטרוי. ווי קומט אַ ליטוואַק דערצו? ער מוז, הייסט עס, זיך אויסגעבען פאַר אַ בעסאַראַביער, און ריידען בעסאַראַביער אידיש...

האָט ער זיך איינגעשריבען אין אַ בעסאַראַביער סאָסייטי און גענומען שטודירען דעם בעסאַראַביער לשון. אין פאַרלויף פון עטליכע וואָכען האָט ער שוין געזאָגט „אילע" און „גענעמען" און „געקימען" און „געגאַנגען"...

כאַפּענדיג דעם שניט פון דעם נייעם לשון האָט ער אויפגע־עפענט דעם דאָזיגען נייעם רעסטאָראַנט, וועלכער האָט געטראָגען דעם טיטעל: בעסאַראַביער רעסטאָראַנט" און „בעסאַראַביער קני־שעס". אַ וועיטער האָט ער גענומען אַ בעסאַראַביער אידען, און אַליין איז ער געשטאַנען ביים בופעט און גענומען געלד.

שפּעטער האָט ער אויסגעשריעבען די ווייב און קינדער. און געהענדיג מיט זיי פון עלים איילענד האָט ער זיי אָנגעזאָגט, אַז זיי זאָלען זאָגען, אַז זיי קומען פון קישינעוו, און צו די קינדער האָט ער זיך געווענדעט דירעקט און אָנגעזאָגט, אַז טאַמער וועלען זיי קומען אין רעסטאָראַן, ווען עס זיינען דאָ געסט, זאָלען זיי

איהם רופֿען „טאַטע“, ביז גאָט וועט העלפֿען און מען וועט דאָס רעסטאָראַנדעל פֿאַרקויפֿען און נעהמען זיך צו עפּעס אַנדערש...

איהם מאַכט זיך טאַקע אַ סטיישאַנערי־סטאָר אין אונגאַרי־שען געגענד...

# זי פערגעסט דעם יחוס

קיין גרעסערער בקי אין „סדר היוחסין", ווי אונזער באָבע טעמע, איז ניטאָ אין אונזער גאַנצער משפּחה. אין אויסצורעכענען קרובה'שאַפט האָט זי ממש אַרויסגעוויזען גאונות. אונזער משפּחה איז געווען אַ גרויסע און דערצו האָט מען דאָס רוב געטהאָן שדוכים, ווי די באָבע האָט זיך אויסגעדריקט, „צווישען זיך"... עס זיינען געווען פעלע, וואָס פעטערס האָבען חתונה געהאַט מיט זייערע פּליי־מעניצעס, ברידער מיט זייערע געוועזענע שוועגערינס, נאָכדעם ווי דער ברודער איז געשטאָרבען. אַ שוועסטער'ס אַ טאָכטער האָט גענומען אַ ברודער'ס אַן אייניקעל... אַ פעטער'ס אַ גליעד־שוועס־ערקינד האָט גענומען אַן עלטער־באָבעס אַן אור־אייניקעל — און די דאָזיגע משפּחה־פּלאָנטערניס, פון וועלכער עס האָט זיך פּשוט געדרעהט דער מח, האָט די באָבע טעמע אויסגערעכענט מיט אַזאַ שאַרפקייט, בקיאות און רוהיגקייט,אַז עס איז פּשוט געווען צו שטוינען. זי פלעגט עס טאָן מיט דער זעלביגער לייכטקייט און אויסגערעכענטקייט, ווי זי פלעגט אַראָבלאָזען די פּיאַטע פון אַ זאָק, וואָס זי האָט, אגב, אין איין וועגס עס געטאָן; ס'הייסט, געצעהלט די „אויגלעך" און גערעכענט דעם יחוס, און אין די ביידע חשבונות זיך קיינמאָל ניט טועה געווען...

— אַז דער פעטער ר' אהרעלע איז געשטאָרבען — פלעגט זי אָנהויבען אין אַ ווינטער, ווען דרויסען האָט דער פראָסט געקנאַקט, אָבער אין שטוב איז געווען וואַרעם און דער לאָמפּ, וועלכער איז געהאַנגען אין דער הויך אָנגעטשעפּעט אויף אַזאַ מין דראָט, וואָס האָט געקענט, ווען מען האָט נאָר געברויכט, זיך אַראָפּלאָזען ביז'ן טיש — און דער דאָזיגער לאָמפּ האָט פאַרשפּרייט ליכטיגקייט און שטימונג צווישען די קינדער, אייניקלעך און גלאַט שכנים, וואָס

פלעגען קומען צו אונז פארברענגען. — אז דער פעטער ר׳ אהרעלע איז געשטארבען — פלעגט די באבע טעמע דערצעהלען — איז נאך די מוהמע קיילע געווען א „יוגענד״, אין גאנצען עטליכע און פער־ציג יאהר. מיט אבי־וועמען חתונה האבען האט זי ניט געוואלט; עס זיינען געבליבען נאכ׳ן פעטער זעקס קינדערלעך... האט זיך די משפחה אריינגעמישט און עס איז געווארען א שידוך מיט נחום׳ען, ר׳ אהרעלעם זיידען, קיילע׳ס א שוועסטערקינד... מיט איהם האט זי נאך געבוירען צוויי קינדער... אז נחום איז ניט היינט געדאכט אפגעשטארבען, האט זי ווידער חתונה געהאט, און ווידער מיט א משפחה, טאקע מיט נחום׳ס א שוועסטער׳ס אן עלטער־פעטער, א איד פון א יאהר עטליכע און זיבעציג... ער האט געהאט אבער פון דער דריטער ווייב צוויי זיהן, האבען זיי געטאן שדוכים צווישען זיך; ס׳הייסט, איינער האט גענומען קיילע׳ס טאכטער פון ערשטען מאן ר׳ אהרעלע, און דער צווייטער זוהן האט גענומען א מיידעל, וואס קיילע האט שוין געהאט מיט נחום׳ען, מיט׳ן צווייטען מאן.

און דא ערשט האט זי גענומען אויסרעכענען, וואס געהער־רען זיך אנ צווישען זיך מאן און ווייב, אויסער דעם וואס זיי זיי־נען מאן און ווייב, און נאכדעם ערשט האט זי, צעהלענדיג די „אויג־לער״ פון זאק גענומען אויסרעכענען, וואס פאר א קרובים זיינען די קינדער פון די דאזיגע שדוכים, חוץ דעם וואס זיי זיינען ברידער און שוועסטער... ביי דער באבע טעמע׳ן פלעגט אפט אויסקומען, אז אויסער וואס איינער איז זיין שוועסטער׳ס א ברודער, פון איין טאטען און מאמען, זיינען זיי דערצו נאך גליער־שוועסטערקינדער, ווייל זייער טאטע מיט דער מאמען זיינען אויסער מאן און ווייב געווען פאר דער חתונה — אמת׳ע שוועסטערקינדער...

פלעגט זיך אונז פון דעם דאזיגען מאדנעם סדר היחוס אנ־הויבען דרעהען דער קאפ, פלעגט די באבע שמייכלען און זיך אנ־רופען:

— הער אביסעל, וואס פארשטעהט איהר דא ניט? איך וועל אייך באלד אויסרעכענען, וואס וועלען זיין קיילע׳ס קינדער, וואס

האבען חתונה געהאט מיט נחום'ס, ס'הייסט, מיט איהר מאנ'ס קינדער, קינדער פון זיין ערשטער ווייב, ווען זייערע קינדער וועלען חתונה האבען מיט ר' אהרעלע'ס, איהר ערשטען מאנ'ס שוועסטערקינדער...

נאר דא האבען מיר שוין פארלארען דעם גאנצען פאדעם און מיר פלעגען שוין יוצא זיין בלויז מיט'ן צושאקלען מיט'ן קאפ, אז מיר פארשטעהען... כאטש תופס זיין דעם דאזיגען פלאנטער האט קיינער נים געקענט...

* * *

די דאזיגע „געניאלע” באבע טעמע האבען מיר איצטער א גאסט אין אמעריקא. מיר האבען זי אראפגעבראכט פונקט א וואך צייט, איידער די מלחמה האט דארטען אויסגעבראכען; ווען מיר פארשפעטיגען איין וואך מיט דער שיפס־קארטע וואלט זי, ווער וויים צו וואס פאר א נאציאנאליטעט איצט שוין אנגעהערט... אפשר וואלט זי שוין גאר געווען אין געפאנגענשאפט ביי די דייטשען, אדער זי וואלט מגולגל געווארען דא אין א דייטשישע, דא צוריק אין א רוסישע, און דא אין אן עסטרייכער און ווידער אין א רוסישער...

מיר דאנקען דערפאר אלע טאג גאט, וואס פון אונזער גרויסער משפחה, וואס איז איבערגעבליבען אין דער היים, און פאר וועלכע מיר באאומרוהיגען זיך אזוי — האבען מיר כאטש ארויסגעראטעוועט די באבע טעמע...

די באבע טעמע איז שוין א אידענע פון א יאהר זיבעציג, אבער זי איז א געזונטע, ציכטיגע אידענע. מיר האבען געגומען רומס און זי פיהרט אונז דאס הויז. ווען מיר, איהרע אייניקלעך, דריי מיידלעך און איין באי — אלע נאך „סינגעל” — קומען פון דער ארבייט, געפינען מיר די רומס אין דער שעהנסטער ארדנונג. דעם סאפער מאכט זי פאר אונז אויף דעם היימישען שטייגער: די ערשטע געריכט — קלישקעלעך מיט בעבעלעך און אמאל האקט זי פאר אונז, פאר אן ערשטע געריכט, א לעבערעל מיט ציבעלע, און דאס פלייש בראט זי פאר אונז מיט גאנצע קארטאפעל, נים

צושניטען ווי דא אין רעסטאראנט, וואו מיר פלעגען עסען איידער זי איז געקומען און זיינען ניט איין מאל קראנק געווארען...

די באבע טעמע איז נאך אלע דיזעלביגע. ענגלישע ווערטער זיינען ביי איהר טריף ווי חזיר. „מיין לשון — זאגט זי — וועל איך קיינמאל ניט בייטען". — פון „סאפער" און „דינער" וויל זי ניט וויסען. עס הייסט, זי עסט יא „סאפער" און „דינער", אבער עס הייסט ביי איהר ווי אין דער היים: „מיטאג" און „וועטשערע"... מיר טוען איהר צוליעב און רופען עס אויך „מיטאג" און „וועטשערע". און אפילו פון אזא אונשולדיג ווארט ווי „מעטשעס" וויל זי ניט הערען, — טהוען מיר איהר צוליעב און רופען עס „שוועבעלעך", און אזוי ווערען מיר, א דאנק אונזער ליעבער באבען, צוריק „גרין"...

וואלט אלץ גוט געווען; האט אבער אונזער באבע טעמע אנגעהויבען צו לייענען צייטונגען... א געלערענטע איז זי אלע מאל געווען! אבער דער לשון פון די צייטונגען איז איהר זעהר שווער... קומען מיר צוגעהן פון דער ארבייט, געפינען מיר זי ביי א צייטונג...

דאס געדרוקטע ווארט איז ביי דער באבען אלע מאל געווען הייליג, אבער אין די צייטונגען האט זי ווייניג אמונה און זי לאזט אונז ניט רוהען, אז מיר זאלען איהר זאגען, וועלכע צייטונג שרייבט דעם אמת... מיר, די אייניקלעך, לעזען יעדער אן אנדער צייטונג און יעדער האלט עולם־ומלואה פון זיינער. זאגט איינע, אז די צייטונג שרייבט דעם אמת, זאגט די אנדערע אז איהרער איז מעהר אמת: לייען בעסער מיין צייטונג...

ענדליך גלייכען מיר זיך אויס, ווייל די באבע לייענט סאי־ווי־סאי אלע צייטונגען. די „מלחמה־בריעף" לייענט זי ווי א וואסער, פונקט ווי א תחינה; עס איז היימישע עברי, אלע ווערטער זיינען איהר אזוי נאהענט, און זי ווישט זיך אלע ווייל די אויגען. אבער די באבע, אז זי וויינט זיך אויס, ווערט זי גאר אן אנדערע... און זי נעהמט זיך צו איהר אלטער שוואכקייט; בערעכענען די קרובה־שאפט... איצט אבער חשבונ'ט זי שוין ניט איהר משפחה, זי

האט איצט א נויטיגערע און וויכטיגערע אויפגאבע... זי טהוט און חשבונ'ט, וועלכער מלך איז פארבונדען מיט די איבעריגע מלכים; ס'הייסט, ווער מיט וועמען איז גוט־פריינד און ווער מיט וועמען שלאגען זיך...

אבער דעריין איז שוין די באבע ניט אזוי פעהיג ווי אין דעם חשבון פון די קרובה'שאפט אין איהר אייגענער משפחה. זי פער־געסט אלע ווייל ווער מיט וועמען איז פערבונדען... מיר האבען איהר שוין פיעל מאל דעקלעררט, אז דער רוס איז מיט'ן פראנצויז און מיט'ן ענגלענדער, מיט'ן סערב און מיט'ן בעלג... און זיי אלע —קעגען דעם דייטש מיט'ן עסטרייכער, מיט'ן טערק, מיט'ן בולגאר...

חזר'ט די באבע איין, און נאכדעם ווי זי לעזט, אז די דייט־שען האבען געזונקען אן ענגלישע שיף, גיט זי זיך א זאג:

— ועט דאס איצטער דער „רוס" אביסעל קוועלען...

— פאר וואס, באבעשי, וועט ער קוועלען? — כאפען מיר זיך אן — דער רוס איז דאך מיט'ן ענגלענדער...

— אזוי?... מיט'ן ענגלאנד... — שמייכעלט די באבע פער־שולדיגט. — איך פערגעס אלץ... דער רוס, הייסט עס, איז מיט'ן ענגלענדער — און מיט וועמען איז דער דייטש? מיט'ן פראנצויז, הייסט עס?...

— ניין, באבעשי... דער דייטש איז אנטקעגען דעם פראנ־צויז... דער דייטש איז מיט'ן עסטרייכער...

— און דער סערב?... — גיט די באבע תמ'עוואטע א פרעג.

— דער סערב איז מיט'ן רוס... — ערקלעהרען מיר איהר. און אונזער ברודער, דער איינציגער מאנסביל אין הויז, נעהמט זיך פאררירכטען:

— ניט דער סערב איז מיט'ן „רוס", נאר דער רוס איז מיט'ן „סערב"...

— און מיט וועמען איז דער טערק? — וויל די באבע דעם יחוס גענויער וויסען...

— דער טערק איז מיט'ן דייטש — ערקלעהרען מיר איהר. קען די באבע ניט פארשטעהן און וואונדערט זיך:

— ווי קומט דער טערק צום דייטש? מיט רוסלאַנד איז ער, דאַכט זיך, נעהנטער...

ערקלערען מיר איהר, אַז אין מלחמה איז די מחותנ'שאַפט ניט אין יחוס, נאָר אין כח; ווער עס האָט מעהר כח, מיט דעם וויל מען זיך מתחתן זיין.

— פאַרשטעה איך שוין! — ענטפערט די באָבע, אבער זי פרעגט ווייטער:

— דער רוס איז זיך משדדך מיט'ן סערב? דער סערב איז דאָך אַ פּליעג געגען איהם!...

— ווייל דער סערב, — ערקלערט שוין אונזער ברודער, — איז דעם רוס' אַ קרוב.

— אַ קרוב?! — וואונדערט זיך די באָבע, — און וואָס גע־הערט דער רוס אַז דעם בעלג? מחשבות'ן, מיט וועמען איז דער בעלג?...

— מיט'ן רוס! — ערקלעהרען מיר איהר.

— הייסט עס, איז דער פראַנצויז געגען בעלג. — ווערט די באָבע צוטומעלט.

— ניין, באָבעשי, — ווערט דער ברודער אויפגעקאָכט, — דער בעלג איז גוט מיט'ן פראַנצויז... דער בעלג העלפט דאָ ארוים דעם פראַנצויז.

— הייסט עס, — חזר'ט די באָבע — איז דער בעלג גוט מיט'ן פראַנצויז און מיט'ן טערק...

— ניין, דער טערק איז דאָך מיט'ן דייטש... און דער דייטש האָט דאָך דעם בעלג געשלאָגען...

— אהאָ, — שטרענגט זיך אָן די באָבע, — איצט פאַרשטעה איך שוין... ס'הייסט, דער בעלג מיט'ן פראַנצוי, מיט'ן רוס, מיט'ן סערב — זיינען אַלע קעגען טערק און קעגען דייטש...

— יאָ... יאָ... — קוועלען מיר אַז, וואָס ענדליך האָט שוין די באָבע אויפגעפאַסט די גאַנצע פאַרבינדונג פון די מלוכות און לענדער.

אבער אַז מיר קומען אהיים פאַרמאַטערט פון דער ארבייט און

געפינען דער באבע'ן ביי דער ציימונג, גיט זי זיך ווידער קאלטבלו־טיג א פרעג:

— זאגט מיר, קינדערלעך: מיט'ן בעלג איז דאך דער טערק גוט, הא?

— ניין! ניין! — שרייען מיר אויס, — דער טערק איז בלויז גוט מיט'ן דייטש און בלומרשט מיט'ן עסטרייכער.

— וואס עפעס בלומרשט? — וואונדערט זיך די באבע.

ערקלערען מיר איהר, אז דער עיקר כח האט דער דייטש און דער עסטרייכער איז נאר אן אנטשעפעניש...

— ווי אן ארעמער קרוב אויף א רייכער חתונה. — גיט די באבע א משל.

דער משל געפעלט אונז אייניקלעך און מיר מיינען, אז מיר זיינען שוין איין מאל פאר אלע מאל פארטיג מיט דעם חשבון פון די פריינד און די פיינד פון די מלוכות. אבער נאך סאפער, אז מיר ווילען זיך אביסעל דורכגעהן שפאצירען אויף סעקאנד עוועניו, און פאר איין גאנג זיך אריינכאפען אין א מואווינג־פיקטשור — שטעלט אונז די באבע ווידער אפ, טייטעלט אויף דער ציימונג און גיט זיך בתמימות א פרעג:

— הייסט עס, האט דער ענגלענדער דעם פראנצויז געבראַ־כען די ביינער...

— ניין! — עס פלאצט אונזער געדולד... מיר קענען שוין מעהר ניט פארטראגען. מיר לערנען מיט איהר, מיר חזר'ן מיט איהר, און זי פארגעסט...

און דוקא זאל עס פאסירען מיט אונזער באבע'ן טעמע, וואס האט זיך אין יוראפ אויסגעצייכענט מיט אזא גאונות אין אויסרע־בענען קרובה'שאפט...

ניט אנדערש, ווי די מלחמה האט איהר מח אפגעשוואכט... ווארים דעם אמת געזאגט, מיר אליין הויבען זיך שוין אן די לעצטע צייט צו טומלען... מיט ווענען, למשל, איז רומעניען — ווייסען מיר טאקע ניט גענוג: צי מיט'ן רוס, צי מיט'ן דייטש?...

א גליק, וואס דעם „רומעניער" האט די באבע ניט באמערקט...

אַ ניט וואָלט זי אין גאַנצען פאַרלאָרען דעם חשבון; אַזוי ווייס זי כאָטש איינס זיכער, אַז דער רום איז געגען דעם דייטש... דעם איבעריגען יחוס פאַרגעסט זי! כאָטש טו זיך עפּעס!

# עס קלינגט...

צוויי וואכען ציים האט מען ביי ליבע דעם סטארקיפער אין שטוב זיך גע׳ישוב׳ט, וואוהין צו שיקען די מוטער אויף א וואך וואקיישאן...

די מוטער, חנה־רבקה אליין, האט גע׳טענה׳ט, אז זי דארף דאס ניט. אבער איהר טענה האט ניט געהאלפען; סיי דער מאן, לייבע, און סיי די עלטערע קינדער האבען באשיינפערלאך געזעהן, אז זי איז „ניט מיט אלעמען". דער עיקר — זי האט פארלארען דעם אפעטיט... איבערצייגט האט מען זיך אין דעם, זייט זי האט געווארפען אן אומ׳חן אויף געפרעגעלטע לעבערלאך. חנה־רבקה האט פארזוכט בלויז איין שטיקעל און געלאזט אין מיטען. דאס איז שוין גענוג געווען איבערצושרעקען די קינדער און דעם מאן אין אן אמת.

— מיין ווייב, — האט לייבע געזאגט, ווי באלד געפרעגעלטע לעבערלאך קריכען דיר שוין ניט אין האלז, איז א סימן, אז דו ביזט סעריאזנע קראנק...

— ווייס איך וואס, — האט חנה־רבקה איהם מרחה געווען, — דאס וועט איבערגעהן. מאלע וואס א מענש פארלירט אמאל דעם אפעטיט.

— יא, — האט לייבע נאכגעגעבען, — מען קען אמאל ניט האבען אפעטיט צו אייער, צו מילכיגס, אפילו צו סתם פלייש... אבער ניט וועלען קיין געפרעגעלטע לעבערלאך — דאס איז שוין גארניט גלאט... ניין, חנה־רבקה, דו וועסט מיך ניט איינריידען... דו מוזט פאהרען אויף א וואך אין קאונטרי... דו מוזט קומען צו זיך...

האט מען אנגעהויבען זוכען א קאונטרי. נאכגעפרעגט ביי

די „נעקסטראָריגע" און ביי שכנים סטאַרקיפּערס, און אפילו גע־זוכט אין די פּייפּערס. לייבע האָט אפילו שוין אָנגעפרעגט אין זיין ציימונג, וואָס האָט אַ „דאָקטאָר". ער האָט טאַקע אויסדריק־ליך געשריבען, אַז איהר פעהלער איז, וואָס זי האָט פאַרלאָרען דעם אַפּעטיט און האָט טאַקע דערמאָנט, אַז געפּרעגעלטע לעבערלאַך עסט זי אויך ניט...

דער דאָקטאָר האָט געענטפערט אין דער ציימונג ערשט אין אַ וואָך אַרום, אַז אַפּעטיט פאַרלירען קומט פון פאַרשידענע אורזאַכען, און אונטער די אויגען קען ער אַזאַ חולה גאַרניט ראַטהען. ער וויל זי קודם אַליין זעהן און באַטראַכטען און ערשט נאָכדעם ווי ער וועט זי זעהן און באַטראַכטען, וועט ער שטעלען די „דיאַגנאָזע"...

האָט זיך לייבע דער סטאַרקיפּער אַ פּאָר טעג אַרומגעטראָגען מיט'ן „בלאַט" און זיך ‚גע'ישוב'ט, צי זאָל ער זי שיקען צום פּייפּער־דאָקטאָר, צי ניט... גוטע פריינד האָבען איהם אָבער אָפּ־גערעדט; זיי האָבען איהם געגעבען צו פאַרשטעהן, אַז אַלץ וואָס עס שטעהט אין פּייפּער איז לויטער בלאָף, אויסער אַמאָל דער ראָמאַן. דער ראָמאַן קען זיין אַמאָל אמת...

און עס איז געבליבען, אַז פריהער זאָל מען זי שיקען אויף אַ וואָך אין קאָונטרי, און ערשט נאָכדעם, אַז זי וועט אַלץ דעם אַפּע־טיט חלילה ניט באַקומען צוריק, וועט זי זיך געהן דאָקטאָרען...

די קאָונטרי האָט מען געזוכט, ווי געזאָגט, אַ פּאָר וואָכען נאָכאַנאַנד. לייבע האָט געוואָלט די קאָונטרי זאָל זיין מיט אַלע זיבען זאַכען: מיט אייער, מיט עלעקטרי און מיט טשיקען, און טאַקע מיט אַ וואַנע... און דערצו זאָל די „קאָונטרי" שטעהן אויף דעם סאַמע העכסטען באַרג. אָבער אַלע מעלות אין איין „קאָונטרי" איז געווען קוים צו קריגען. איז די קאָונטרי געשטאַנען אויף אַ באַרג, איז קיין טשיקען ניט געווען; איז געווען אַ באַרג און טשי־קען, איז קיין עלעקטרי ניט געווען — און לייבע האָט דווקא געוואָלט עלעקטרי. איז ווידער געווען אַ באַרג, אייער, טשיקען און עלעק־טרי, איז קיין וואַנע ניט געווען. האָט זיך שוין געפונען, אַז איין קאָונטרי האָט אַלעס פאַרמאָגט, האָט מען זיך מיט דער דאָזיגער

קאָונטרי דורכגעשריבען, אָנגעפרעגט דעם מקח, איז אָנגעקומען אַן ענטפער, אַז דאָרטען קאָסט צוועלף דאָלער אַ וואָך...

האָט חנה־רבקה גוט אָנגעשאָלטען דעם בעל־הבית פון דער קאָונטרי פאַר אַזאַ הויכען פּרייז און האָט איהם געוואונשען, אַז פון באַרג זאָל ער זיך אַראָפּקייקלען, מיט די טשיקען זאָל ער זיך דערווערגען, אין דער וואַנע זאָל ער דערטרונקען ווערען און מיט די עלעקטרי זאָל ער ברענען...

האָט איהר ליבע דערקלערט, אַז מיט עלעקטרי קען מען זיך ניט אָנצינדען, סיידען עם פּלאַצט אַ פּרוזשינקע...

האָט חנה־רבקה אַ שמייכעל געטאָן און קראַנקערהייט געענט־פערט :

— נו, טאָ זאָל פּלאַצען אַ פּרוזשינע... העט אַביסעל, מען זאָל האָבען אַ העזה אויסצובעטען אַזאַ פּרייז : צוועלף דאָלער !... פאַר צוועלף דאָלער קען מען דאָך באַלד קויפען אַן אייגענע פאַרם...

ביז גאָט האָט געהאָלפען, עס האָט זיך געפונען אַ קאָונטרי וואָס קאָסט זיבען דאָלער אַ וואָך. די דאָזיגע קאָונטרי האָט פאַר־שפּראָכען טשיקען, אייער און איינמאָל אַ וואָך „אינדיק". צוליעב די דאָזיגע אינדיק האָבען ליבע און חנה־רבקה שוין מוחל געווען די וואַנע מיט די עלעקטרי און אפילו די געז. דאָרטען איז, לויט זיי האָבען ערפאַהרען פון בריעף, אויך ניטאָ קיין געז... פּשוט, לאָמפּען !

— גאָט זאָל מיר ניט שטראָפען פאַר די רייד ! — האָט חנה־רבקה זיך געקלאָגט פאַר די נעקסט־דאָריגע, נאָכדעם ווי זי האָט שוין באַשלאָסען צו פאָהרען אין דער דאָזיגער קאָונטרי, וואו מען גיט איין מאָל אין וואָך אינדיק, — איך ווייס גאָרניט ווי אַזוי איך וועל צוגעוועהנט ווערען צו די לאָמפּען, איך בין שוין פון יוראָפּ אכט יאָהר... איך האָב שוין גאָר פאַרגעסען ווי אַזוי אַ לאָמפּ ברענט....

די נעקסט־דאָריגע אָבער האָט איהר פאַרזיכערט, אַז עס איז אַ סברא, אַז לאָמפּען זיינען געזינטער ווי געז... האָט זיך חנה־רבקה גאָר מחיה געווען, געשמייכעלט זעהר האַרציג צו אַלע און

אַלע ווײַלע צוגעקרעכצט, מען זאָל טאַקע זעהן, אַז זי איז אַ חולה און אַז זי פאַהרט ניט גלאַט אין דער וועלט אַרײַן האָבען וואויל־טאָג... זי איז ניט פון די צובאַלעוועטע, חלילה...

געקומען דער באַשטימטער טאָג צו פאַהרען, האָט די נעקסט־דאָריגע געגעבען חנה־רבקה'ן אַן עצה, זי זאָל ניט זשאַלעווען קײן פּעני און זיך אַפּוועגען. עס איז כדאי צו וויסען, וויפיעל וועט איהר אין דער קאָונטרי פאַר דער וואָך „צוקומען״.

חנה־רבקה האָט טאַקע אַזוי געטאָן. וואָס דען? זי וועט גלאַט אַרויסוואַרפען זיבען בלוטיגע דאָלער!

געהאַלפען זיך אַבוועגען האָט טאַקע די דאָזיגע נעקסטדאָריגע, וועלכע איז די לעצטע צײַט געוואָרען צו איהר זעהר צוגעלאָזט. ווי דער שטײַגער איז פון אַ געזונטען צו אַ שוואַכערען. די שוואַכע, נאַטירליך, איז געווען חנה־רבקה: אַ קלײניגקײט — אַ מענש פאַרלירט דעם אַפּעטיט! וואָס פאַר ווערט האָט בכלל דער מענש אָהן דעם בײ־סעלע עסען? צו וואָס לעבט מען אין גאַנצען אויף דער וועלט? ווי באַלד אַז ניט עסען, איז דאָך אויס...

— שטעלט זיך אַרויף אַט דאָ און וואַרפט אַרײַן, זײַט מוחל, אַ פּעני, אַט דאָ אין שפּעלטעלע, — האָט די נעקסט־דאָריגע געלערנט חנה־רבקה'ן צו וועגען זיך, ווען זײ זײַנען אָנגעקומען צום סטײשאַן, וואוהין די זעלבע נעקסט־דאָריגע האָט זי באַגלײט אין וועג אַרײַן.

חנה־רבקה האָט זיך מיט אַ קלאַפּענדיגען האַרצען אַרויפגע־שטעלט אויפ'ן וואָג.

— 195 פונט! — האָט די נעקסטדאָריגע אויסגערופען. — עס איז גאַנץ ניש'קשה... פונדעסטוועגען דאַרפט איהר זיך סטאַ־רען דאַרטען צוקריגען נאָך אַ וואָסערע פינף־זעקס פונט... עס קומט צוניץ!...

חנה־רבקה האָט גאָר אָנגעקוואָלען. אַ קלײניגקײט, וואָס פאַר אַ גליק איהר שטעהט דאָ פאַר: ווען זי קריגט צו דאָרטען בײ אַ זעקס פונט, וועט זי וועגען איבער צווײ הונדערט פונט! מיט אַזאַ וואָג קען מען נאָכדעם אַ סך אויפטהאָן...

און מיט א פּרעהליכען הארצען האָט זי זיך אָפּגעזעגענט מיט דער נעקסט־דאָריגער, איהר איינציגע באַגלייטערין אין וועג, און איז ווי עס איז אריינגעקראָכען אין וואַגאָן מיט די צוויי פּעק איהרע...

די רייזע האָט געדויערט צוויי שעה. ניט קוקענדיג וואָס פאַר'ן אוועקפאָהר האָט זי עפּעס „איבערגעביסען", האָט זי ביים אראָפּגעהן פון טריין באַשלאָסען, אז גלייך ווי זי קומט אויפ'ן פּלאַץ וועט זי זאָגען, אז זי וויל עסען. וואָס דען? זי וועט זיי שענקען?...

עס קאָסט נענוג געלט...

קומענדיג אויפ'ן פאַרם איז שוין געווען א זייגער פינף נאָכ־מיטאָג.

חנה־רבקה האָט זיך גלייך באַקענט מיט די ווייבער, וואָס זיי־נען געווען מעהר־מינדער „גרין" און האָבען גערעדט אידיש.

— און ווען עסט מען דאָ? — האָט זי געשטעלט די ערשטע וויכטיגע פראַגע.

— מען וועט קלינגען... — האָט איין פרוי געענטפערט.

— אזוי גאָר... מען קלינגט דאָ צום עסען... — האָט זיך חנה־רבקה גע'חדוש'ט. אבער עס איז איהר געפעלען געוואָרען: ווי באַלד מען קלינגט, וועט זי שוין קיינמאָל ניט פאַרשפּעטיגען.

און חנה־רבקה האָט זיך גענומען צוהערען צום גלאָק.

עס געהט אריבער א שעה, צוויי... מען קלינגט ניט...

— וואָס איז די מעשה וואָס מען קלינגט ניט? — האָט זי שוין אביסעל פאַרדראָסיג געפרעגט ביי א פרוי, מיט וועלכער זי איז נעהענטער געוואָרען...

— באַלד, באַלד! מען וועט שוין קלינגען!

אבער חנה־רבקה'ן האָט שוין די האַרץ ארויסגעשפּרונגען. דוקא איצט האָט זי דערפיהלט א גוואַלדיגען אַפּעטיט. זי וואָלט ניט נאָר אינדיק, אפילו ברויט מיט רעטעך געגעסען...

ענדליך האָט זי דערהערט א קלינגען...

זי האָט זיך גלייך אויפגעכאַפּט און געלאָפען פון דער וועראַנדע צום דיינינג־רום.

— ניין! איהר קענט נאך זיצען, — האט איהר די מיסעס אפגעשטעלט. — דאס קלינגט מען פאר די קינדער...

— וואס הייסט פאר דיר קינדער? — האט חנה־רבקה זיך אנטקעגען געשטעלט, — און וואס זיינען מיר?...

— פאר אייך, די גרויסע, קלינגט מען באזונדער...

— א קלינגעניש אויף זיי! — האט חנה־רבקה בייז געמור־מעלט און האט זיך צוריק געזעצט אויף דער וועראנדא און מיט קנאה געקוקט אויף די קינדערלאך, וועלכע זיינען געפלויגען פון אלע זייטען צום עסען.

ענדליך האט דאס קליינגווארג אפגעגעסען.

— נו, פאר וואס קלינגט מען ניט פאר אונז? — האט חנה־רבקה געפרעגט.

אבער איידער עמיצער האט איהר געענטפערט, האט מען שוין געקלונגען.

חנה־רבקה האט זיך געזעצט צום טיש.

הונגעריג איז זי שוין געווען ווי קיינמאל נאך ניט... זי וועט טאקע זעהן עסען וואס מעהר. א קלייניגקייט! זי צאהלט זיבען דאלער א וואך!

מיט'ן סאפער איז זי געבליבען צופרידען. מעהר נישט, מיט'ן „האט־קארן" האט זי אביסעל געקאפריזעט און געבעטען אומביי־טען איהם אויף עפעס אן אנדער מין, מחמת „האט־קארן" עסט זי ניט. די מיסעס האט עס איהר אומגעביטען אויף א פוטער־בולקעלע...

האט איהר שוין פארדראסען וואס די „פוטער־בולקעלע" איז צו קליין געווען און זי האט זיך געיישוב'ט וואס זי זאל נעהמען. ביז זי האט באשלאסען, אז דעם „האט־קארן" וועט זי טאקע איצט עסען און בולקעלע וועט זי עסען פאר'ן שלאפען געהן...

אויף מארגען איז זי אויפגעשטאנען פריהער פאר אלעמען, מורא־האבענדיג זי זאל ניט פארשפעטיגען דעם גלאק, האט זי שוין גלייך ווי עס איז טאג געווארען ניט געקענט שלאפען.

דער באהן־סטיישאן איז געווען ניט ווייט פון פארם, און יעדע

אפגעהענדע טרייז, וואס האט געקלונגען, האט חנה־רבקה ניט גע־לאזט רוהען.

— מען קלינגט!

און זי פלעגט זיך לאזען גלייך צום דיינינג־רום!

צו אלע צרות איז דארט געווען אין דער נאהענט א פעקטארי. אויך די פעקטארי האט געקלונגען. און דעם קריסטליכען פאר־מער׳ס קוה — ווער ווייס צוליעב וואס — האט אויפ׳ן האלז געטרא־גען א גלאק...

דערצו האבען די קינדער זיך געשפיעלט מיט׳ן גלאק פון דיי־נינג־רום... אט נעהמט איין מיטען דערינגען א קינד און הויבט אן צו קלינגען...

חנה־רבקה האט געמוזט זיין שטארקער פון אייזען אויסצוהאל־טען עס. פון אלע זייטען קלינגט מען; פון אלע זייטען רופט מען צום עסען און עסען עסט מען אין גאנצען דריי מאל א טאג...

פון אויפרעגונג, אז זי זאל ניט פארשפעטיגען דעם „טיש", איז זי געווארען שטארק נערוועז, און זי האט גערעדט נאר פון גלאק.

דאס האט באמערקט איינער א יונגער באי, א שטיקעל ליץ.

א שטונדע נאך דינער נעהמט ער דעם גלאק, געהט ארום הינטער׳ן הויז און קלינגט נאכאנאנד.

חנה־רבקה לויפט אין דיינינג־רום...

— מען קלינגט שוין צום סאפער! — מורמעלט זי לויפענדיג.

אין דיינינג־רום ערפאהרט זי ערשט, אז דאס האט מען גע־קלונגען אזוי זיך...

צולאכט זי זיך כלומרשט און ענטפערט:

— איך האב מיך טאקע געוואונדערט... ווי לאנג איז, אז מען האט דינער געגעסען?

— טא וואס זשע זיינט איהר געלאפען?

— איך ווייס?... א סאפער פארשפעטיגען איז א שאד. יאגט מען זיך...

און זיצענדיג שוין אויף דער ווערענדע, האט זי דערהערט אין א האלב שעה ארום ווידער עס קלינגט...

הויבט זי זיך ווידער אויף און פליהט צום טיש...

ביי'ם טיש איז אָבער קיינער ניטאָ...

— מען האָט דאַכט זיך געקלונגען ?... — וואונדערט זי זיך...

— און אַז געקלונגען איז וואָס ?... — שמייכעלט בייז די מי־סעס פון הויז.

— וויים איך ? — דריקט זי מיט די פּלייצעס, — אין קאונ־טרי, אַז מען קלינגט איז אַ סימן, אַז מען רופט עסען...

און חנה־רבקה זעצט זיך ווידער אוועק אויף דער וועראַנדע און וואַרט אויפ'ן אמת'ן קלינגען.

אָבער עס איז איהר שווער אונטערצושיידען פון אַ קלינגען צו קלינגען. די גאַנצע לופט איז פול מיט געקלאַנג...

דער גאַנצער געגענט רופט צום טיש, צום דינער, צום סאַפּער, צום ברעקפעסט!

אין די אויערען קלינגט איהר שוין אויך... ניין, דאָס קלינגט דער גלאָק... זי קען שוין ניט אונטערשיידען.

נאָך אַ גליק, וואָס אין דער קאונטרי איז קיין קלויסטער ניטאָ...

נאָר אָהן קלויסטער קלינגט אויך גענוג. די גאַנצע וועלט קלינגט... אפשר הונדערט מאָל אַ טאָג קלינגט די וועלט...

אָבער עסען באַקומט חנה־רבקה ניט מעהר ווי דריי מאָל אַ טאָג...

אויסער וואָס זי גנב'ט אַראָפּ פון טיש אַ בולקעלע... צו עסען נאָר'ן שלאָף.

נאָר עס קלעקט איהר אויף אַ צאָהן. זי האָט שוין איהר אַפּעטיט צוריק באַקומען.

הלואי וואָלט מען נאָר אויף אַזוי פיעל אויף אַז אמת'ען גע־קלונגען, וויפיעל זי וואָלט איצט געקענט אויפעסען!...

נאָר שאַ... עס קלינגט!

חנה־רבקה הויבט זיך פון אָרט... זאָל עס זיין צום דינער?...

נאָר מען האָט, דאַכט זיך, ערשט ברעקפעסט געגעסען...

אַך, דאָס האָט געקלונגען דעם פאַרמער'ס קוה...

# די ערשטע פאטאגראפיע

דאס הויז, וואס האט ניט פארמאגט קיין רייכע מעבעל, האט ענדליך זיך ערווארבען א שפיגעל. אבער דעם שפיגעל האט מען ניט געקענט געטרויען. ער האט געהאט א טבע צו מאכען דאס פנים פון די, וואס פלעגען אמאל אריינקוקען אין איהם, רונדער און גרעסער, אזוי, אז אלע הויזיגע, וואס זיינען געווען פון דער נאטור מאגער מיט לענגליכע פנים'ער, זיינען פון דעם שפיגעל ארויסגעקומען ניט צו פארזינדיגען. א שאד נאר, וואס דער קאליר, וואס דער שפיגעל האט צוריק אפגעשפיגעלט, איז געווען א גרינליכער. דערפאר האט מען זיך מיט דעם שפיגעל'ס מיינונג ניט גערעכענט. זיין רעפוטאציע אלס אן אמת'ער, האט ער פארלוירען גלייך נאך דער ערשטער וואך, ווען מען האט איהם אויפגעהאנגען אויף דער וואנט. די מוטער, וואס האט פון שעהנקייט בכלל ניט געהאלטען, כאטש זי איז נאך געווען ערשט ביי א יאהר אכט־און־דרייסיג אלט, פלעגט זיך ווענדען צו איהם, צו דעם שפיגעל, אין זעלטענע פעלע, איז דאס אויך ניט צו זעהן צי זי איז שעהן, נאר פארקעהרט, צי איז זי ניט שרעקליך מיאוס. איבערהויפט פרייטאג נאך חלה־באקען, ווען זי איז ווירקליך געווען שטארק אויסגעשמירט אין סאזשע. כאטש דער שפיגעל איז ניט געווען קיין אמת'ער, אבער געוויסע פארבען פלעגט ער אפשפיגלען ריכטיג. פון ווייס פלעגט ער טאקע מאכען גרין, אבער ווען די מוטער האט אויסגעזעהן שווארץ פון סאזשע, האט דער שפיגעל געוויזען דעם אמת. שווארץ פלעגט ער ארויסגעבען ריכטיג. און אוועקגעהענדיג פון שפיגעל, פלעגט די מוטער זיך צעזיפצען:

— אוי וועה איז מיר, איך בין דאך שווארץ ווי סאזשע.

דער מאן און פאטער פון הויז האט אודאי ניט געהאלטען פון

שעהנקייט, און אויב ער האט אמאל געכאפט א קוק אין שפיגעל, איז דאס געווען ניט צוליעב'ן פנים, נאר צוליעב דער באָרד, און די באָרד האט דער שפיגעל ווי עס איז אפגעשפיגעלט ריכטיג. די שווארצע האר זיינען טאקע ארויסגעקומען שווארץ, נאר די פאר גראהע פאסען וואס די באָרד האט שוין פארמאגט, זיינען ארויס־געקומען געלבלאך... דאס ערשטע מאל האט ער זיך טאקע פאר־וואונדערט און גערופען דער ווייב:

— זעה, איך וואלט געשווארען, אז די באָרד ווערט מיר ער־טערווייז געלב.

דאס ווייב האט אנגעקוקט די באָרד, ווי א מבינ'טע, און ניט גע־פינענדיג קיין שום געלקייט אין איהר, האט זי איהם בארוהיגט:

— גראה ווערט זי, אבער ניט געל.

אויב גראה ארט איהם ניט... שוין טאקע צייט! ער איז שוין באלד פינף און פערציג.

מעהר פון אלע, וואס האט געקוקט אין שפיגעל און געוואלט דערזעהן דעם תוך פון איהר פנים, איז געווען די אכצעהניעהריגע טאכטער, זעלדע. זי האט געוואלט טאקע וויסען, צי זי איז שעהן. אבער אויך איהר האט דער שפיגעל ניט געוואלט ענטדעקען דעם אמת. זעלדע האט נאר געקענט דערזעהן, אז זי האט שווארצע אויגען, שווארצע האר, אבער ווי אזוי דאס פנים זעהט אויס, האט זי ניט געקענט האבען קיין באגריף, ווייל געוואוסט האט זי, אז דער שפיגעל איז א פאלשער...

אין הויז האט איינער אויף דעם אנדערען קיין מבינות ניט געזאגט. און אויב יא, איז דאס געווען אין מינוטען פון רוגזא און מיט אזעלכע מיינונגען האט זיך זעלדע ניט געקענט רעכענען. דער אינגערער ברודער, למשל, פלעגט, ווען ער פלעגט זיך מיט איהר קריגען — רופען זי: פארזעהעניש! פלעגט זעלדע'ן אנכאפען א שרעק און מיינען, אז זי איז טאקע א פארזעהעניש. אבער נאכ־דעם, אז דער ברודער פלעגט זיך איבערבעטען, פלעגט זי איהם גיי וועלען גלייך מוחל זיין, ביז ער פלעגט מוזען צוריקציהען זיין ווארט...

— דו ביזט ניט קיין פֿארזעהעניש, — דאָס האָב איך גע־לאַכט...

הייסט עס, אַז קיין פֿארזעהעניש איז זי ניט, אָבער צי איז זי אַ שעהנע? פֿון וואַנען זאָל זי עס וויסען?

איציק דער שניידער־יונג, וואָס ארבייט ביי ליבע דעם שניי־דער, וואָס וואוינט קעגענאיבער זיי, האָט אפילו אַמאָל איהר גע־זאָגט, פֿארנאַכט ביים פֿריזבע, אַז זי איז אַ וואוילע מיידעל, אָבער ערשטענס איז וואויל דאָך ניט שעהן, און צווייטענס קען זיין, אַז ער איז אויך אַ פֿאַלשער. ניין, פֿון אַזאַ איציק קען מען ניט דער־געהן דעם אמת, ווי פֿון זייער שפּיגעל.

עס איז דאָ איין מיטעל. געהן צום שטעדטעלשען פֿאָטאָ־גראַפֿשטשיק און זיך לאָזען פֿאָטאָגראַפֿירען... ער מאַכט אַ פֿאָר־טרעט איז דאָס ריכטיג ווי גאָלד... דער טאַטע זאָל נאָר ערלויבען.

איינמאָל און צוויי מאָל האָט דער טאַטע איהר אָפּגעזאָגט.

— צו וואָס דאַרף מען דאָס? אויסגעבען אַ רובעל.

דאָר דריטע מאָל אָבער האָט שוין די מאַמע זיך איינגע־שטעלט:

— ווייס איך, אַמאָל איז עס גוט צו אַ שדוך... איידער מען זעהט זיך, שיקט מען אַ בילד...

אויב צו אַ שדוך, איז שוין אַן ענין! זי איז שוין ניינצעהן יאָהר... דאָ ניט לאַנג האָט איהם גרונם דער שדכן, טאַקע אַ פֿרעג געטהאָן: זי איז שוין טאַקע אַ מויד פֿון ניינצעהן יאָהר?

* * *

דער יונגער פֿאָטאָגראַפֿשטשיק, וואָס איז אַליין פֿון אַ גרויסער שטאָדט און שטענדיג, סיי וואָך און סיי שבת, אָנגעטאָן ווי אַ חתן, האָט זעלדע׳ן אויפֿגענומען מיט דעם גרעסטען רעספּעקט. ביי איהם איז זעלדע געוועזן אַ באַרישניע און ער האָט אפילו אין זיין געשפּרעך מיט איהר אריינגעוואָרפֿען רוסישע ווערטער, וועלכע זעלדע האָט אָנגענומען אַלס אַ מין טיטעל...

— פּאָזשאַליוסטאַ, רוהיג... סאָווערשעננאַ ספּאָקאָינאַ... טאַק... אַ קליינעם שמייכעל... ספּאַסיבאַ!...

אַ גאַנצע וואָך וואָס איהרע דריי פּאָרטרעטען האָבען זיך גע־אַרבייט ביים פאָטאָגראַפער, איז זי אומגעגאַנגען ווי צודולט, פול מיט ערוואַרטונגען. עס איז אויסגעקומען, אַז זי וואַרט אויף זיך אַליין, זי דאַרף געבוירען ווערען דאָס צווייטע מאָל... איין מאָל איז זי געבוירען געוואָרען מיט ניינצעהן יאָהר צוריק, איצט געהט זי געבוירען ווערען אַ צווייטע מאָל... שוין אַ פאַרטיגער מענש. ווי אַזוי וועט זי איצט אויסזעהן? זי וויל זעהן זיך אַליין ניט אין דעם פאַלשען שפּיגעל, נאָר טאַקע האַלטען זיך אַליין צו די אויגען און ענדליך זעהן ווער זי איז.

די באַשטימטע שעה איז ענדליך געקומען. מיט אַ קלאַפּענדיגען האַרצען האָט זי זיך געלאָזט געהן נאָך די דריי פּאָרטרעטען. דעם רובעל מיט די פינף און צוואַנציג קאָפּיקעס האָט זי געהאַלטען פעסט אין האַנט, און איהר האָט אויסגעוויזען, אַז זי געהט קויפען פאַר דעם געלט דריי זעלדעס...

אַז דער פאָטאָגראַפער האָט זי דערזעהן אַריינקומען, האָט ער אויסגערופען: „אָטליטשנאָ!“... זי האָט פאַרשטאַנען דעם טייטש דערפון. עס הייסט, אַז די זעלדעס זיינען אַרוים ריכטיג. ער האָט איהר איינע דערלאַנגט... זי האָט איינע גענומען אין דער האַנט און זי איז גלייך פאַרבלענדעט געוואָרען פון אַ פרעמ־דער, ווייטער שעהנהייט... זי האָט שוואַך, מיט אינערליכער אויפ־רעגונג, אויסגערופען:

— דאָס בין איך?...

— קאַניעטשנאָ! — האָט דער פאָטאָגראַפער געשמייכעלט, — זעהר ריכטיג... אפילו די צוויי הן־גריבעלאַך... אַלץ איז אַרוים...

ערשט איצט האָט זי ערפאַהרען ווער זי איז. ביז איצט האָט זי זיך נאָך גאַרניט געקענט. זי איז אַ שעהנהייט. הייגט וואָס פאַר אַ גוטע זי איז... די גוטסקייט ליעגט איהר אויפ'ן פּנים... ניין, מיט אַזאַ בילד קען מען ניט פאַרלאָרען געהן... מיט אַזאַ בילד קען מען ניט בלייבען מעהר אין דער היים און וואַרטען אויף אַ חתן...

פאַר איהר איז איצט אָפען די וועלט... אַמעריקאַ!...

אנפאנגס האט דער טאטע ניט געוואל הערען, די מאמע האט געוויינט — פארטראגען דעם קאפ אזוי ווייט.

אבער עס איז אוועק נאך א יאהר, קיין שדוכים האבען זיך ניט געמאכט. צוואנציג יאהר הייסט שוין באלד אן אלטע מיידעל... אפשר טאקע זאל זי פאהרען... א וועלט פאהרט, מען ווערט רייך, מען האט דארט חתונה...

צוויי פון די פארטרעטען האט זי געלאזט אין דער היים, איינס האט זי שוין איינגעפאקט מיטצונעהמען. דעם פעטער בינוש'עם מיידעל האט שטארק זי זאל איהר לאזען צו אנדענקען איהר פארטרעט, אבער זעלדע האט זיך ניט געקענט שיידען מיט זיך.

— ביזט א נארעלע, — האט איהר די קוזינע איינגערעדט — אין אמעריקא זיינען דא בעסערע פאטאגראפשטשיקעס...

און זעלדע האט זיך געלאזט איבעררייידען, און גוט אנקוקענדיג זיך אויף איהר לעצטען פארטרעט, האט זי איהם אוועקגעגעבען איהר פעטער'ס מיידעל צום אנדענקען.

* * *

די ערשטע צייט האט זעלדע זיך ניט געקענט צוגעוועהנען צום שאפ. ניט אזוי די ארבייט, ווי דאס ארומיגע. די פרעמדקייט, די ניט־זיכערקייט. שפעטער אבער איז זי אריין אין דער ראל און האט שוין באלד פארגעסען, אז עס איז דא אן אנדער וועלט, ווי דער שאפ, און נאכדעם דער רום ביי דער מיסעס, און א מאל מואווינג־פיקטשורס פאר א ניקעל...

דאס שפיגעלע, וואס זי האט זיך ערווארבען אין אמעריקא, איז שוין געווען דוקא אן אמת'ע, פון געשליפענעם גלאז. אבער דאך האט זי איהם ניט געטרויט... מען דארף זיך זעהן פאטאגראפירען... אויפ'ן בילד זעה זי אוים אזוי שעהן, זי געדענקט נאך יענע, די ערשטע, וואס זי האט געלאזען אין דער היים.

זי האט זיך געלאזט פאטאגראפירען ביי א באוואוסטען פאטאגראפער און באשטעלט גאנצע זעקס שטיק. פיער וועט זי שיקען אהיים פאר די עלטערען און דער משפחה, איינע וועט זי

געבען איהר חבר'טע, וואס זי האט זיך דא ערוואָרבען, און איינע פאַר איהר אַליין.

די בילדער זיינען פאַרטיג געוואָרען שנעלער, ווי זי האט ערוואַרט... דער פאָטאָגראַפער האט זיי איהר דערלאַנגט אין אַ קאָנווערט.

מיט ציטערדיגע הענט האט זי אַרויסגענומען איינע, אַ צווייטע, אַ דריטע... זי האט ענדליך אַלע באַטראַכט און באַצאָהלט.

אָבער אין אמעריקא פאָטאָגראַפירט מען גאָר אַנדערש. אַנשטאַט די חן־גריבעלאַך קומען אַרויס קנייטשען און אַנשטאָט די גוטסקייט, ווערט עפּעס אַ בייזקייט, אַן ערנסטקייט...

זי האט איהר מיינונג אויסגעדריקט פאַר איהר חבר'טע.

— ביי אונז אין קליין שטעדטעל פאָטאָגראַפירט מען שעהנער, ריכטיגער...

די חבר'טע האט געשמייכעלט:

— וואס רעדסטו? עס איז דאָך וואונדערבאַר... אַזוי ווי דו לעבסט...

— בין איך דען אַזאַ בייזע? — האט זעלדע ווי דורך טרערען געפרעגט...

— ביזט ניט בייז... ביזט ערנסט... פאַרטראַכט... זעהר ריכטיג...

— ניין! — האט זעלדע זיך געאַמפּערט. — דאס בין איך נ י ט . . . וואָלסט זעהר מיין ערשטע פאָטאָגראַפיע, מיט דריי יאָהר צוריק... דאַרטען בין איך גאָר אַן אַנדערע...

זי האט זיי באַהאַלטען אין איהר „טראַנק" און באַשלאָסען נעהמען אַנדערע בילדער, ביי אַן אַנדער פאָטאָגראַפער. דערווייל וועט זי די ניט שיקען אַהיים. זי וויל שיקען אַ ריכטיגע, אַזוי ווי יענע, די ערשטע.

אין אַ האַלב יאָהר אַרום האט זי זיך ווידער פאָטאָגראַפירט. אַזוי ווי זי האט שוין געאַרבייט אין אַ יוניאָן־שאַפּ און באַקומען גרעסערע ווייידזשעס, האט זי זיך ערלויבט צו באַשטעלען אַ גאַנצע טוץ פאַר פּיער ראַלער... עס זאָל נאָר אַרויס ווי יענע, די ערשטע!

ווירקליך א פארדראס, א הארץ־וועהטאג... אויך די נייע ביל־
דער זיייען ניט יענע, ווי די ערשטע, די היימיגע איז שטערטעל...
ניט אנדערש, ווי דא קען מען ניט פאטאגראפירען...

און זי האט געבענקט נאך איהר ערשטער פאטאגראפיע, נאך
דעם פארטרעט מיט די צוויי חן־גריבעלאך, מיט דער גוטסקייט
אויפ'ן פנים...

ניין! דא קענען זיי עס ניט מאכען... כאטש נעהם און פאהר
צוריק אהיים און זיך דארטען פאטאגראפירען!...

# א נאָהענטער בעקאַנטער

דער שריפטשטעלער פייערמאַן איז אַראָפּ פון „על" און מיט שנעלע טריט זיך געלאָזט געהן אין דער ריכטונג צו דער רעדאַקציע, וואו אַלע זיינען דאָרט געזעסען און אויסגעקוקט, ווי איהם האָט זיך געדאַכט, אויף זיין מאַנוסקריפּט. צום אומגליק האָט ער גע־דאַרפט ביי דעם אַריבערגעהן די גאַס איבערוואַרטען אויטאָמאָבי־לען, עקספּרעס־וועגען און אַנדערע אַנשיקעניששען, וועלכע דרעהען זיך גראָד אַן, ווען מען איילט זיך צופיעל. דאָס איבערוואַרטען אויף די אַלע אויטאָמאָבילען און וועגענער האָט איהם ענדליך אויפ־גערעגט. מילא, די וועגענער —האָט פייערמאַן פילאָזאָפירט אין געדאַנק — זיינען אַ נויטווענדיגקייט, און די פערד, וואָס זיינען אין זיי איינגעשפּאַנט, זיינען באַשאַפען געוואָרען פון ששת ימי בראשית אַן, האָבען זיי אַ רעכט צו עקזיסטירען, ווי מיר; אָבער, גאָט מיינער, צו וואָס די אויטאָמאָבילס? ווער האָט זיי אויסגע־טראַכט! און פייערמאַן האָט זיך פאַרגענומען אין געדאַנק, אַז זיין נעקסטע זאַך וואָס ער וועט שרייבען וועט זיין — אַ פּראָטעסט קע־גען די אויטאָמאָבילס און אַ פאָרשלאַג, אָפּצושאַפען זיי אין די גרויסע שטעדט.

דערווייל איז דער וועג געוואָרען פריי. עס איז בלויז געבלי־בען איבערצואוואַרטען איין בייבי־וועגעלע, וועלכען עס האָט פאָרזיכטיג געפיהרט אַ יונגע, שעהנע מוטער. דאָס האָט אַביסעל פייערמאַנ'ען אָפּגעקיהלט פון זיין כעס. ער האָט אַריינגעוואָרפען אַ בליק אין וועגעלע און עס האָט איהם אַ שמייכעל געטאָן אַ פּאָר בלויע אייגעלאך פון אַ יעהריג קינד. ער איז אינגאַנצען גע־וואָרען איבערגעביטען, געוואָרפען אַ בליק אויך צו דער יונגער מוטער און, ווי איהם האָט געדאַכט, אויך זי האָט צו איהם אַ

שמייכעל געטאן. דאס איז שוין געווען גענוג פאר איהם, אז ער זאל ווערען ווייך ווי וואקס. די טעמע וועגען אויטאמאבילס האט ער שוין איננאנצען אויפגעגעבען. בפרט אז דער זייגער, וואס איז גראד געווען קעגענאיבער, האט געצייגט, אז עס איז ערשט פאר צוועלף. הייסט עס, האט ער נאך צייט צעהן מינוט, פונקט וויפיעל דער וועג צו דער רעדאקציע ברויך צו געדויערען, אויב עס זאלען זיך ניט מאכען קיין אנדערע שטערונגען.

אבער ווי שיקט זיך עס גאר אהן שטערעניש, ווען אויף שריט און טריט שוויבעלט און גריבעלט מיט קאלעגען, באקענטע און אפילו אומבאקאנטע קענען איהם אויך. צו ענטפערען יעדערען אויף דעם גרים דארף עפעס דויערען, בפרט אז אז אנדערער ציהט איהם אוים די האנט און פרעגט ווי ס'געהט. „גרויסארטיג!“ שרייט אוים באגייסטערט פייערמאן, כדי יענער זאל זיך שוין מעהר ניט פרעגען און איהם לאזען געהן צורוה, כאטש אמאל איז בע־סער צו ענטפערען, אז עס געהט גאר שלעכט, וועט יענער זיך גלייך אפטראגען. עס ווענדט זיך אן דעם כאראקטער פון דעם פרעגער.

דערפאר האט פייערמאן באשלאסען, אז אויב ער וויל קומען פונקט צוועלף, זאל ער אט ביי דעם קארנער זיך פארדרעהען מיט א בלאק ווייטער און דורך יענע סטריטען, וואו עס שטעהען בלויז די פעדלער, וועט ער קיין באקענטע ניט טרעפען, וועט עס איהם אויסטראגען דער בלאק אנגעלעגטער וועג.

אבער ניט אזוי איז עס געווען. דוקא אין דער סטריט פון די פעדלער האט איהם באגעגענט א מאן, האט איהם פארשטעלט דעם וועג, אויסגעשטרעקט איהם די האנט און אריינקוקענדיג איהם אין די אויגען, ווי אן אלטער באקאנטער, האט ער איהם פארהאל־טען מיט אן אויסרוף:

— ענדליך האב איך אייך געטראפען!

פייערמאן האט איהם באטראכט און ניט געקענט דערמאנען זיך, ווער איז אט דער מענש, וואס איז מיט איהם אזוי פאן־בראט. זיכער א נאהענטער באקאנטער, אפשר גאר א לאנדסמאן, און

אפשר גאָר אַ קרוב. פאַרוואָס־זשע קען ער זיך ניט דערמאָנען ווער ער איז און ווי אַזוי מען רופט איהם? „עס איז אַ חרפּה!“

— איז וואָס־זשע מאַכט איהר פּאָרט, מר. פייערמאַן? — האָט דער מענש זיך גענומען צו פייערמאַנ׳ען ערשט אויף דאָס נײַ.

פייערמאַן, אַ פאַרשולדיגטער, וואָס ער קען זיך ניט דערמאָנען ווער דער איז, האָט באַשלאָסען אויסצוקויפען זיין שולד כאָטש דערמיט, וואָס ער וועט זיך ניט אַרויסגעבען, אז ער דערקענט איהם ניט. אדרבא, ער ווייס טאַקע, אז ער איז זעהר אַ נאָהענטער מענש, און ער האָט געענטפערט:

— גאָט צו דאַנקען. ניט שלעכט, גאַרנישט שלעכט. און איהר, מר... ע...

— איך בין אַלרייט! — האָט דער מר. ע... האַפערדיג זיך אָנגערופען. — די פאַרם האָב איך פאַרקויפט.

— אַזוי... פאַרקויפט... — האָט פייערמאַן, ניט וויסענדיג גאָר, אז דער מענש האָט ווען געהאַט אַ פאַרם, געפּרואווט אָנהאַלטען די באַקאַנטשאַפט — זעהר גוט געטאָן.

— דוקא ניט גוט — האָט דער מענש זיך געקלאָגט — עס ציהט מיך צום פעלד... נו, און איהר שרייבט נאָך אַלץ אין „גלאָק“?

— יאָ... — האָט פייערמאַן באַשטעטיגט און געטראַכט: — הייסט עס, ער אינטערעסירט זיך מיט מיר. מסתמא זעהר אַ נאָהענטער מענש...

— און וואָס מאַכט אייער שוועסטער אין האַרלעם?

„אַ, ער ווייס פון דער שוועסטער אין האַרלעם... הייסט דאָך דאָס, טאַקע אַ קרוב“... און פייערמאַנ׳ען האָט אָנגעכאַפּט אַ שרעק. אויב ער דערקענט ניט אַזאַ נאָהענטען מענשען, איז ער דאָך ניט ווערט, וואָס די ערד טראָגט איהם... און פייערמאַן האָט שוין באַשלאָסען זיך מודה זיין, און זאָל זיין וואָס עס וועט זיין.

— איך בעט אייך... — האָט ער אָנגעהויבען זיך מודה זיין.

— און וואָס מאַכט אייער ברודער אין דזשוירזי?

„ער קען דעם ברודער אויך... ווער איז מיר, אפשר איז דאס גאר דער אנקעל זלמן, וועלכען ער האט געזעהן מיט דריי יאהר צוריק און דערקענט איהם איצט ניט". — ער האט שיער ניט געוואלט זיך פארלאזען אויף נאט'ס באראט און אויסשרייען: אנקעל זלמן! אבער דער מענש, ניט וועלענדיג האבען קיין ענט־פערס, האט געשטעלט ווייטער א פראגע:

— איך בעט אייך, וואס איז געווארען מיט דער פרוי, וואס אייער איינגערער ברודער אין יוראפ האט אפגע'גט?

„א, דאס ווייס ער אויך... דאס איז דאך איינער פון די נאהנטסטע מענשען... אזא מענשען ניט קענען! ניט וויסען אפילו ווי מען רופט איהם". פייערמאנ'ען האט באגאסען א שווייס.

— זי איז אלרייט! — האט ער קוים געקענט ענטפערען און געקוקט אויף דעם מענשען, וואס האט איהם שוין אויסגעקוקט ווי נאר, גאר א נאהענטער.

— און ווען פאהרט איהר אין יוראפ? — האט דער נאהענ־טער געשטעלט א נייע פראגע, מיט דעם טאן פון א פאטער.

— ביי דער ערשטער מעגליכקייט.

— אזוי... אזוי... — האט דער מענש צופרידען געריבען די הענט, און אנקוקענדיג פייערמאנ'ען מיט בליקען פון אן אייגענעם מענשען, האט ער ווידער גערעדט:

— איהר מופט די וואך אין בארא פארק...

— יא... — איז פייערמאנ'ען באפאלען א שרעק — „אפילו דאס ווייס ער, אזא נאהנטער מענש! טא ווער איז ער, ווי רופט מען איהם? נאט מיינער!

ער האט שוין לענגער ניט געקענט פארשטעלען זיך, און מיט טרערען אין די אויגען האט ער זיך מודה געווען:

— ליעבער מענש, איך פארשטעה, אז איהר זיינט איינער פון מיינע נאהנטסטע, אלץ ווייסט איהר; איהר ווייסט אפילו מיין משפחה... אבער איך... איהר ווייסט דאך... מען איז שטענדיג פארנומען מיט דעם שרייבען, שטענדיג פארטיעפט אין זיך... איך קען זיך בשום אופן ניט דערמאנען, ווער איהר זייט און ווי

אַזוי מען רופט אייך אפילו. ענטשולדיגט, איך בעט אייך, גוטער מענש.

— עט... — האָט דער מענש חנ'עוודיג זיך צעשמייכעלט. — איהר דאַרפט זיך ניט ענטשולדיגען און ניט אַפּעסען דאָס האַרץ... איהר קענט מיך ניט קענען, ווייל איהר זעהט מיך דאָס ערשטע מאָל... איך בין גאָר אַ ניו־הייווענ'ער... נאָר וואָס דען? אייך קענען מיר... מען הערט, מען רעדט, מען לייענט... איך ווייס אפילו, בע־בע־בע...

נאָר וואָס יענער ווייס נאָך פון איהם האָט שוין פייערמאַן ניט געוואָלט הערען. ער האָט זיך געלאָזט גיהן און געהן, מיט שנעלע טריט, מורא האָבענדיג זיך אומצוקוקען אויף הינטער.

דער זייגער, וואָס ער האָט געטראָפען אַנטקעגען אין גאַנג, האָט געוויזען האַלב נאָך איינס...

# דער קאונטרי־פּאָעט

די איינלאַדונג, צו קומען אויף אַ פאַרלעזונג אין דער שטאָדט, וואו די אידישע באַפעלקערונג צעהלט אַרום פופציג טויזענד נפשות — איז געווען געשריבען אין זעהר אַ פאַרלאַקענדען טאָן. דער דיכטער, וואָס האָט די לעצטע צייט געפיהלט זיך אין ניו־יאָרק, ווי אַן איבעריגער, אַ פאַרלאָרענער און כמעט פאַרזעסענער, טראָץ זיינע זיבען בענדער דראַמען און אַכט בענדער ערצעהלונגען און ביי אַ פינף בענדלעך סתם זאַכען, — דער דאָזיגער דיכטער האָט פון דער איינלאַדונג באַקומען זיין אַמאָליגען שטאָלץ. די איינ־לאַדונג איז געווען געשריבען אין אַ זעהר רעספּעקטפולען טאָן, און דער טיטול האָט געלויטעט: צום גרויסען דיכטער, שריפטשטעלער און פאָלקס־פריינד. אַזוינע ווערטער האָט ער שוין לאַנג ניט געהערט אפילו פון זיין איינציגען חסיד, זיין באַרבער. אָבער אַזוי ווי איין שוואַלב קען קיין זומער ניט מאַכען, אַזוי קען איין חסיד ניט אויפהויבען דעם גייסט פון אַ דיכטער, מעג אפילו דער חסיד זיין דער גרעסטער באַרבער אין דער וועלט. דערפאַר האָט דער דיכטער די איינלאַדונג גלייך אָנגענומען און געענטפערט מיט דער ערשטער פּאָסט, אַז יאָ: ער וועט קומען; אַז דער „דייט" וואָס זיי האָבען אויסגעקליבען איז דער בעסטער דייט, וואָס קען נאָר זיין, און וואָס אַנבאַלאַנגט די מאַטעריעלע זייט פון דער פאַר־לעזונג, פאַרלאָזט ער זיך דורכאויס אויף זיי.

און, אַז עס איז געקומען דער ערב־פאַרלעזונג, האָט דער דיכ־טער געשיקט אַ טעלעגראַמע, אַז ער פאָהרט אַרויס מיט דער און דער טריין און ער וועט קומען אין דער און דער שעה און מען זאָל איהם באַגעגענען.

און עס האָבען איהם באַגעגענט אַ קאָמיטע פון דריי, פון וועל־

כער איינער איז אַמאָל געווען אין ניו יאָרק און געאַרבייט ביי בעקעריי. ער האָט דעם דיכטער געקענט פּערזענליך פון ניו־יאָרק און דערפאַר איז ער דער ערשטער אַנטקעגנגעגאַנגען און ווי אַן אַלטער באַקאַנטער דעם דיכטער אויסגעצויגען די האַנט.

— אייך קען איך שוין פון לאַנג!...

דער אַנדערער פון דער קאָמיטע האָט זיך שוין א ביסעל גע־שעמט און האָט, ווי א כלה־מיידעל אַראָבגעלאָזט די אויגען און נים געקענט קוקען דעם דיכטער גלייך אין פּנים.

דער דריטער האָט זיך שוין דווקא נים געשעמט. פאַרקערט, ער האָט זיך געהאַלטען מיט גרויס ווירדע און זאָגאַר מיט אַ בי־סעל איבעריגער דרייסטקייט. דער דיכטער האָט זיך פאַרגעשטעלט, אַז דער דאָזיגער יונגערמאַן, וואָס איז געגאַנגען גאַנץ אַנשטענדיג געקליידעט און זיינע בעקלעד זיינען געווען גוט אויסגעפּאַשעט, מוז זיין דער זוהן פון אַן אַלרייטניק. האָט איהם דערפאַר דער דיכטער צוריק איגנאָרירט.

אָבער נאָכדעם ווי דער דיכטער האָט זיך, שוין נאָך דער פאָרלעזונג, נעהנטער באַקענט, ביי דעם קליינעם באַנקעט אין היימישען רעסטאָראַנט מיט דער גאַנצער סביבה, איז ער געוואָהר געוואָרען, אַז דער דאָזיגער יונגערמאַן, מיט'ן נאָמען ברענערמאַן, איז נים מעהר און נים ווייניגער, ווי אַליין א פּאָעט...

און דער גאַסט האָט זיך מיט דעם דאָזיגער פערזאָן שטאַרק פעראינטערעסירט. זייט ער קען פּאָעטען, האָט ער אַזא שטאָלצען פּאָעט נים געזעהן. דער גאַסט איז געווען זיכער, אַז דער דאָזיגער יונגערמאַן מוז שאַפען די וואונדערליכסטע ליעדער און איז גע־וואָרען נייגיעריג. אַז דער אָפיציעלער טייל פון סאָדאַ־וואַסער־באַנקעט האָט זיך געענדיגט, האָט זיך דער דיכטער געווענדעט צו איינעם פון דער קאָמיטע און אַנווייזענדיג אויף ברענערמאַנ'ען, וועלכער איז געזעסען נים וויים פון גאַסט אַליין, האָט ער זיך אָנ־גערופען:

— ווי עס ווייזט אויס, איז ברענערמאַן א זעהר טאַלאַנטפולער מענש...

— אַ ,יאָ, יאָ... ער איז אונזערער אינגאַנצען, וואָס ער שרייבט איז פאַר אונז, פאַר דער שטאָדט... ער איז טאַקע אונזער שטאָדטישער פּאָעט...

— פון וואַנען מאַכט ער אַ לעבען? — האָט דער גאַסט זיך פאַראינטערעסירט.

— ער איז אַן ארבייטער... אָבער מיר לאָזען איהם זעלטען ארבייטען... אַ שאָד... זיין טאַלאַנט קען אין שאַפּ ווערען „גע־ספּאָילט"... טאָמער ארבייט ער יאָ אַמאָל, קלאָגט ער זיך, שילט די וועלט און הערט אויף צו שרייבען. נו, מאַכען מיר אַ שטיקעל פאַרלעזונג פאַר איהם און ער סטאָפּט ווידער פון דער ארבייט. די לעצטע צייט האָבען מיר באַשלאָסען איהם ניט צו לאָזען אין גאַנצען אין שאַפּ. קיין סך דאַרף ער ניט, מיר גיבען זיך שוין אַן עצה... ער איז פּאָרט דער איינציגער ביי אונז...

און אַזוי ווי דער גאַסט, דער ניו־יאָרקער דיכטער, האָט שוין געהאַט אַ שטיקעל ידיעה אין דעם לעבען און ווירקען פון ברענער־מאַנ'ען, איז ער צו איהם צו, נאָכדעם ווי דער באַנקעט האָט זיך אינגאַנצען געענדיגט, און צורעדט זיך מיט איהם ברייטער.

— הייסט עס, מיסטער ברענערמאַן, זייט איהר דאָ אין שטאָדט דער איינציגער פּאָעט... איך בין אייך מקנא.

ברענערמאַן האָט אונצופרידען אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט:

— זייט מיר ניט מקנא... איך האָב מונע צרות...

דער גאַסט האָט זיך פאַראינטערעסירט:

— צום ביישפּיעל...

— אַך, יעדע גוטע זאַך האָט איהר שלעכטע זייט... אין פלוג, דאַכט זיך, וואָס פעהלט מיר? אַלע ראַדיקאַלע יונגע לייט פון שטאָדט און אפילו די ציוניסטען האַלטען פון מיר און היטען מיך אָפּ, עס זאָל אויף מיר קיין שטויב ניט פאַלען. אָבער ווען איהר טראַכט זיך אריין אין דער לאַגע, איז זי גאַנץ טרויעריג. שטעלט זיך פאָר, אַז מיינע לידער וואָס איך שרייב, מוז איך פאַר זיי פאַרלעזען געדרוקטערהייט; נו, אין אונזער שטאָדט איז

דער דרוק זעהר טייער... „טייפּרייטען קען איך ניט... מוז איך עס אַליין שרייבען מיט געדרוקטע אותיות... עס איז זעהר, זעהר שווער...

דער גאַסט, פון דער נאַטור אַ ווייכהאַרציגער, האָט מיטגע־פיהלט ברענערמאַנ'ען און איהם געטרייסט:

— דאָס איז אייגענטליך אַ קליינינקייט... דער עיקר, אַז איהר ווערט אַפּגעשעצט דאָ אין שטאָדט... ווי זאָגט מען: בעסער אַ קעניג אין אַ דאָרף, איידער אַ שקלאַף אין רוים...

— יאָ, דאָס איז אמת... — האָט ברענערמאַן באַקומען צוריק זיין שטאָלץ... — איך קען מיך ניט באַקלאָגען. זיי באַהאַנדלען מיך זעהר פיין... זיי לאָזען מיך ניט אָפּ... מיינע געדיכטען ווע־רען דאָ געלערענט אויף אויסווענינ, די אָרטיגע דעקלאַמאַטאָרס דעקלאַמירען זיי ביי יעדער געלעגענהייט. טאָמער איז אַ סטרייק, קומט מען צו מיר: ברענערמאַן, די שוסטער סטרייקען — שרייב אָן אַ ליעד!... טאָמער פאַלט אַרויס אַ שנעע... טאָמער גרויסע היצען — אַ ליעד... און גלייך ווערט עס פּאָפּולער אין דער גאַנ־צער שטאָדט... ווי איהר זעהט, בין איך נאָך אַ יונגער מאַן און איך האָב שוין דריי העפטען מיט ליעדער, אַלץ איבער שטאָדטישע זאַכען און איבער דער היגער נאַטור...

— פאַר וואָס זשע זיינט איהר דאָך ניט צופרידען? — האָט דער גאַסט זיך נאָכגעפרעגט.

— עס ציהט מיך אין דער וועלט... — האָט ברענערמאַן אויס־געצויגען זיינע הענט, ווי ער וואָלט זיך געקליבען צו פליהען... איהר מיינט, אַז זיי פאַרשטעהען מיך?... און אייך פאַרשטעהען זיי דען? ביי זיי איז דער עיקר — דער גראַם!...

און ער האָט אָנגעהויבען אומזוכען אין זיינע קעשענעס, אַרויסגענומען פון איינער אַ העפט און ניט פרעגענדיג מיך, צי בין איך געדולדיג אויסצוהערען צי ניט, האָט ער אָנגעהויבען:

**די נאַכט איז שוואַרץ**
**זי דריננט אין מיין האַרץ.**

און בייטאָג אפילו —
וואו נעהם איך אַ תפלה...

ער האָט זיך אבגעהאקט און האט זיך צוהיצט:

— אט אזוינע ליעדער, למשל, וואו איך לעג אריין מיין נשמה, קען איך זיי ניט פארלעזען... זיי וועלען עס ניט פארשטעהן; בכלל פארשטעהען זיי נאר צייט־זאכען, און דאס וואס עס פאסירט אין שטאדט... מוז עס אוייך זיין געשריבען אין א פרעהליכען טאן... זיי האבען ליעב לאכענדיגע זאכען... נעמט, למשל, אזא ליעד — פארשטעהען זיי ניט...

די גלאָקען קלינגען
זיי קלינגען גאָר באַנג...
עס דאכט זיך מען גראבט מיר
אַ קבר אויף לאַנג...

דאס, פערשטעהט איהר דאך, איז א שטיקעלע סימבאליזם... עס ציהט מיך די לעצטע צייט צום סימבאליזם... איך בין אויך מאָדערנע... ווען איך וויל נאר... אבער זיי האבען ליעב דעם אל־טען קוואטש, אדער מען זאל וועקען דעם באוואוסטזיין ביים פּראָ־לעטאריאט... נאטירליך, איך בין אַ פריינד פון פּראָלעטאריאט, איך האב, למשל, אזא ליעד אויך...

ער האט ארויסגענומען פון א צווייטער קעשענע א העפט מיט רויטע טאוולען און אנגעהויבען בלעטערן. ענדליך האט ער גע־נומען דעקלאמירען:

דו, אַרבייטאָרער, ליעבער,
די נאַכט איז שוין אַריבער
דער טאָג ער נעהמט זיך שפּרייטען — —
צוברעך פון דיר די קייטען...

עס איז שטארק... עס ווירקט... דאס דעקלאמירען זיי ביי יעדען סטרייק, אבער מיר שטעלט עס ניט צופרידען... מיך ציהט צו

דעם בין־השמשות פון דעם לעבען... איבערהויפּט זייט די נייע שטרעמונג אין דער אידישער ליטעראַטור אין ניו־יאָרק!... איך בין מ י ט ז י י, איבערהויפּט דער פּאָעט בעני־וואָלף... ער איז ווירקליך גרויס... איך האָב אַ פּאָר ליעדער געשריבען אויף זיין שטייגער. איך קען אַ פּערז אויסווענינג:

וועז עס בליהען וויים די ריבען...
און די רעטעכלעך זיי וואַקסען...
כ'וועל מיך וויקלען אין די לאָקען
פון די העלע, ווייסע פלאַקסען...

דאָס איז ווירקליך ניי און מאָדערנע... איהר מיינט, אַז אין דער קאָונטרי דרינגען ניט אריין די נייע שטרעמונגען? לאַנגזאַם, אָבער זיי דרינגען אריין. איך אַגיטיר צו ביסלאַך פאַר דעם...

דער גאַסט האָט צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ און איהם געמור־טיגט:

— דאָס איז זעהר שעהן פון אייך. איהר דאַרפט ניט פאַר־לירען קיין מוט...

ברענערמאַן האָט זיך באַליידיגט:

— וואָס הייסט, פערלירען מוט... איך פיהל מיך זעהר שטאַלץ... נאָך אַלע זאַכען וועל איך דאָ אָנערקענט מעהר ווי די ניו־יאָרקער... איהר קומט אַהער אויף אַ טאָג־צוויי און איהר פאָהרט אַוועק, אָבער איך בלייב דאָ און בין דער איינציגער... ווען איך שפּאַר זיך איין און וויל דוקא סימבאָליזם, וועלען זיי מוזען נאָכגעבען... אַ ברירה וועלען זיי האָבען...

דער גאַסט האָט אינערליך אַ שמייכעל געטאָן. און נאָך אַ קליינעם שווייגען האָט ער באַמערקט:

— איך וואָלט מיט פאַרגניגען געבליבען דאָ... אנערקענונג איז פאַר אונז ניט קיין קלייניגקייט — דאָס איינציגע צו וואָס מיר שטרעבען.

ברענערמאַן האָט זיך אויפגעהויבען פון אָרט און זיך אָנגע־רופען:

— איך מוז שוין צוגעהן צו זיי... זיי וועלען מיך ארומ־זוכען.

דער ניו־יארקער איז געבליבען אליין און נאכגעפאלגט דעם שטאדט־דיכטער, וועלכער איז אין איין אויגענבליק געוועזען ארומ־גערינגעלט פון די ארטיגע פארעהרער, און זאגאר פארעהרערינס...

ער האט פילאזאפיש א שמייכעל געטאן און געטראכט פון ניו־יארק, פון די דארטיגע צעהנדליגע דיכטער, וואס ווייסען ניט וואו עס ליעגט אייגענטליך זייער גליק...

און ער האט פאר זיך א מורמעל געטאן:

— אין דער קאונטרי, אין דער קאונטרי!...

# דער עסטעטיקער

ער איז אן עסטעטיקער. אזוי זאגט ער אויף זיך אליין, און ער זאגט דאס שוין אזוי לאנג, אז מען מוז איהם גלויבען. פונקט, ווי א מענש וואס זאגט יאהרען נאכאנאנד, אז ער איז אלט צוויי און דרייסיג יאהר, מוז מען גלויבען. ווארים, ווי שיקט זיך עס, אז א מענש זאל נאכאנאנד זאגען ליגען. בכן, איז אונזער העלד און מיין פערזענליכער פריינד — אן עסטעטיקער. זיין נאמען אפילו איז פאר'ן אויער אביסעל צו גרילצענדיג — בונימאוויטש הייסט ער. אבער רעדט מיט איהם איז נימא קיין שעהנערער קלאנג ווי בוני־מאווסקי. אז ער ציהט אוים מיט זיין סאפראנא־קול'כעל, קלינגט עס ווירקליך ווי א סימפאניע: בו־ני־מא־ווימש!...

וועגען זיין אויסערליכען אויסזעהן איז אפגערעדט. שטעלט זיך פאר, אז בונימאוויטש'עס אויגען זיינען גראהע, פונקט ווי ביי די אלטע גריכען... „ווען איך האב שווארצע אויגען, וואלט איך באגאנגען זעלבסטממארד", אזוי פארטרויט ער מיר אפט אויפ'ן אויער... שווארץ, זאגט ער, געהערט צום אריענט, און דער אריענט איז דערווידער צו זיין גריכישער נאטור. גראה, אדער בלאה, ווי ער רופט עס, געהערט צו דער העבערער ראסע, און ער איז בלויז דורך א מיספארשטענדניש א סעמיט. בטבע אבער איז ער א גריך און שטאמט אזש פון די אלטע גריכען. עס איז א סברא, אז פעטראניום פון „קווא־וואדים" איז זיינער א שני־בשלישי...

אמת, האר האט ער שוין דוקא טונקעלע. ער שווערט אבער מיט כל השבועות אין דער וועלט, אז געבוירען געווארען איז ער מיט פלאקסענע האר, און זיי פארמאגט ביז דרייצעהן יאהר, ווי אן אמת'ער שייגעצ'ל. אידישע קינדער האבען דעמאלט פאר איהם

געהאט דרך־ארץ און ער פלעגט א דאנק די פלאקסענע האר שטענ־דיג זיין דער קייסער צווישען זיי.

ער היום האלט ער דערפאר פון קייסעריזם. רעפובליק איז א פלעבעאישע רעגירונג. די לעצטע צייט, ווען עס פאלט א קרוין, פיהלט ער זיך נידערגעשלאגען. ער טרייסט זיך אבער, אז ביי דעם וועט עס ניט בלייבען. ער בענקט נאך דער אלטער גלאריע. ער וויל א וועלט א געקרוינטע און ניט קיין אויסגעוועהל־טע פון פאלק.

שעהנקייט — דאס איז די הויפט־זאך! שעהנקייט זעהט ער אין מלחמה...

אין צייט פון מלחמה לעבט ער אף. ער אליין שלאגט זיך אפילו ניט — אבער ער איז יוצא מיט די באריכטען. הונדערט טויזענד געפאלען! זינגט ער אויס באגייסטערט. אך, דאס האט געמוזט זיין א וואונדערבארער, הערליכער ספעקטאקעל!

ער איז יוצא מיט'ן „לייוועגט", אויך וועלכען געוויסע קאמ־פאניעס שטעלען איהם צו בילדער אין א חודש ארום. ער זעהט ווי מענשען פאלען, פאלען און פון ווייטען שטעהען די קאמאנ־דירען און קאמאנדעווען! אך, דאס איז הערליך! ער קען זיך זאט ניט אנקוקען.

איך זיץ דעמאלט גראד נעבען איהם, אבער אויפן' לייוועגט איז מיר שווער צו קוקען.

— בונימאוויטש, — קרעכץ איך, — איך קען עס ניט צו־קוקען...

— איהר זענט א סעמיט! א בעל־רחמים! — מאכט ער חוזק פון מיר. איהר האט ניט קיין באגריף פון שעהנקייט. קוקט נאר אן דעם רויך אליין„ קוקט נאר אן די פארוויסטונגען ארום! קוקט און באגייסטערט זיך מיט די גרויזאמקייטען! זייט א גריך!

אויסער מלחמות האט ער ליעב די נייעסטע ערפינדונגען. פון אן עראפלאן קען ער זיך נישט גענוג באגייסטערען. „זעהט, ווייזט ער מיר אמאל, ווען מיר געהען צוזאמען, זעהט אויבען, ווי א מאשין

פליהט ווי א פויגעל. וואס א פויגעל! — פארכאפט ער זיך, — א פויגעל וועט קיינמאל אזוי גראציעז ניט פליהען".

און אז זיין באגייסטערונג גרייכט די העכסטע שטופע — ווענדט ער זיך צו מיר מיט מוסר:

— צו וואס אייערע ליעדער! הערט אויף זיי צו שרייבען. די גריכישע וועלט איז עס אריבערגעוואקסען. זינגען איז א אידישע זאך. קוקט ווי מיר פליהען!

„מיר פליהען", איז דאס נאר געזאגט געווארען פון שעהנקייט וועגען, ווייל בונימאוויטש אליין איז אפילו ניט אימשטאנד צו פאהרען אין א קאר לענגער ווי א האלבע שעה; ער האט א שוואכען קאפ און ער פארדרעהט זיך איהם. אבער אויב ער אליין קען ניט פליהען, דערפאר פארשטעהט ער זעהר גוט וואס פליהען באדייט.

* * *

וואס ציהט מיך צום דאזיגען עסטעטיקער, ווייס איך ניט; אפשר דוקא דערפאר, ווייל אלע זיינע אנשויאונגען זיינען קעגען מיינע אינטערעסען. און אפשר דערפאר, ווייל ביי זיך אין הארצען בין איך נאך ניט זיכער, אז דער אמת איז ביי מיר. אבער דער דאזיגער עסטעטיקער שרעקט מיך. און וואס מעהר ער שרעקט מיך, אלץ מעהר ציהט מיך צו איהם.

איך בין שוין אמאל געווען ביי איהם מיט א באזוך. זייענדיג פון דער נאטור א גריך, איז זיין צימער פול מיט פלאסטישע קונסט. אמת, קליינינגקייטען, וועלכע מען קויפט ביי אן איטאליענער אין גאס צו קוואדער א שטיק. ער האט מיר דערקלעהרט די שעהנקייט, וואס עס שטעקט אין יעדער סטאטועלע, וואס זיינען געשטאנען און געלעגען אויפ'ן טיש, אויפ'ן קאמאד און אויף די איבעריגע פלעצער פון זיין אויפנאהמס-צימער. א קעלט האט געוועהט פון איבעראל. ער אליין אבער, מיין פריינד בונימאוויטש, איז געווען אינגאנצען ענטציקונג און האט פאר מיר אויסגעלעגט די טעאריע פון עסטעטיק.

עס איז מיר געווען אביסעל לאנגווייליג, אבער אוועקצוגעהן האט מיר ניט געפאסט. איך האב זיך געקליבען פארזוכען איינע פון די פרוכט, וואס זיינען געלעגען אין א גריכישער וואזע, וועלכע איז געשטאנען אויפ'ן טיש. איך האב געווארט ביז דער ווירט וועט זיך צו מיר ווענדען מיט א פארשלאג עפעס צו געניסען.

דער פארשלאג איז לאנג ניט געקומען. ענדליך האב איך ניט אויסגעהאלטען. איך האב פון דער וואזע ארויסגענומען א בארנע. איך האב אויס העפליכקייט זי געהאלטען אין האנט און ניט געוואגט איינצובייסען זי. ענדליך האב איך דערפיהלט א שרעקליכען איבעל. איך האב געמוזט עפעס פארזוכען און די בארנע האט אזוי געלאקט. פון איין זייט איז געווען רויט, פון דער אנדערער זייט — וויסליך. פון די אמת'ע גוטע, רייצענדע באר־נעס. איך האב זי ענדליך צוגעטראגען צו מיין מויל און געוואלט זי שוין איינבייסען.

מיין פריינד, דער עסטעטיקער בונימאוויטש, האט מיט שרעק מיך אנגעכאפט פאר דער האנד און אויסגעשריען :

— וואס טוט איהר עס, פארזיכטיג !

איך האב גלייך די בארנע ארויסגעלאזט פון האנד און אנגע־קוקט מיין פריינד פארוואונדערט.

— אך, סעמיט איינער ! — האט בונימאוויטש געלאכט, — פון אלץ ווילט איהר א נוץ האבען. וואס מיינט איהר, דאס איז א בארנע צום עסען ?... ניט נאר א טאפ ! זי איז דאך א קונסט־ווערק... געמאכט פון אזא האלץ... דאס איז עכטע גריכישע קונסט ! סקולפטור !...

און אננעהמענדיג די בארנע פאר'ן שפיץ האט ער זי געהאל־טען קעגענאיבער טיר און זיך גערייצט :

— איהר זיינט א סעמיט — איהר פארשטעהט ניט די שעהנ־קייט פון זאכען, וואס זיינען בלויז שעהן פאר'ן אויג. דערפאר זיינט איהר קעגען עראפלאנס, קעגען מלחמות און קעגען קייסארים.

עד־עד! — האט ער זיך צוזיפצט, — פון אייך וועט שוין קיין לייט גיט זיין, איהר וועט שוין שטארבען א איד...

און ריידענדיג האט ער זיך געשפיעלט מיט דער גריכישער בארנע...

# צוויי פסוקים

סענדעראָוויטש האָט ניט נאָר ניט געהאַלטען פון דער פּיזישער קראַפט, נאָר זי האָט אין איהם ערוועקט אַ געפיהל פון עקעל. דער פּסוק „לא בכח כי אם ברוח", פלעגט ער ציטירען זעהר אָפט אין אַ דיסקוסיאָן וועגען דער פראַגע פון פּיזישע קראַפט און גייסט. דער דאָזיגער פּסוק איז געווען זיין שטאַרקסטער וואָפען. ער פלעגט, אמת, ניט שטענדיג געווינען די „צינגער־שלאַכט" מיט דעם דאָזיגען פּסוק, מאַנכע מאָל פלעגט דער געגנערישער צד איהם נעה־מען געפאַנגען מיט אַן אַנדער פּסוק, און דוקא פון לאַטיין. דאָס איז געווען דער גוט־באַקאַנטער פּסוק וועגען דעם, אַז אין אַ גע־זונטען קערפּער געפינט זיך אַ געזונטער גייסט... פאַר דעם דאָ־זיגען גוי'אישען פּסוק האָט אַנפאַנגס סענדעראָוויטש געהאַט מורא, מען קען זיך מיט אַ לאַטיינישען פּסוק ניט שפּיעלען, ער איז אויך געגנוג אַלט... אַבער ענדליך פלעגט ער קומען צו זיך, זיך דערמאָ־נען אַז זיין פּסוק „לא בכח" איז אַ סך עלטער און דערפאַר איז ער שטאַרקער, ווייל אַ פּסוק איז פּונקט דער היפּוך פון אַ מענשען: וואָס עלטער, אַלץ שטאַרקער איז זיין קראַפט, זיין גייסטיגע קראַפט, נאַטירליך. און צווייטענס, האָט ער אויסער'ן פּסוק געהאַט אַ גאַנ־צע אַרמעע פון גרויסע גייסטער, ווי: משה מענדעלסאָן, נאַפּאָ־לעאָן, דאָסטאָיעווסקי און אַנדערע, וועלכע זיינען, ווי עס איז באַ־קאַנט, אַלע פּיזיש שוואַך געווען און האָבען דאָך באַהערשט די וועלט מיט זייער גייסט.

און נאָכדעם ווי סענדעראָוויטש פלעגט אויספעכטען די דאָזי־גע שלאַכט און איינינגע פון די דיסקוטאַנטען פלעגען אַריבער אויף זיין זייט, פלעגט ער אַ פאַרמאַטערטער, אָבער אַ צופרידענער, אָפּ־

ווישען דעם שווייס פונ'ם שטערען, זיך אויסהוסטען און רעזור־מירען:

— אלזא, פריינד, דאס פיזישע איז דערווידער יעדען בעסערען מענשען. דער עיקר איז דער גייסט — ער פיהרט די וועלט.

וואס אנבאטרעפט סענדעראוויטש'עס פערזענליכע פי־זישע קראפט, איז זי געווען ניט זעהר גרויס. ער פלעגט זיך ווע־גען צוויי מאל א יאהר, איין מאל זומער און איין מאל ווינטער. ווינטער פלעגט ער וועגען מיט זעקס פונט מעהר, און כאטש ער האט געוואוסט, אז די זעקס פונט מעהר איז א דאנק דעם שווערען מאנטעל וואס ער טראגט, פלעגט ער דאך הנאה האבען. עס איז פארט הונדערט צוואנציג פונט און ניט הונדערט פערצעהן... ער האט שוין איינמאל געהאט א געלעגענהייט צו וועגען זיך א נאקע־טער. דאס איז געווען אין דער טערקישער באד, וואו עס איז געשטאנען א וואג און מען האט זיך געוואויגען פראנק און פריי. נאקעטערהייט וואלט סענדעראוויטש געקענט וויסען די אמת'ע וואג זיינע, אבער פאר'ן נאקעטען אמת האט ער דאך מורא געהאט... און ביי איהם איז געבליבען, אז ער וועגט הונדערט צוואנציג פונט ווערליג עס צייגט איהם די וואג אום ווינטער...

— פאר א גייסטיגען מענשען איז עס גענוג! — פלעגט ער זיך טרייסטען.

געהענדיג אמאל אין די אידישע סטריטען, פלעגט ער זיך אנשטויסען אויף א מחנה, שוין דא געבוירענע, אידישע יונגע באיעס, וועלכע פלעגען האלב נאקעט יאגען איינע די אנדערע, ווי די ווילדע. סענדעראוויטש פלעגט מיט א געפיהל פון וועהטאג באטראכטען דעם דאזיגען יונגען דור, וועלכער ווייכט אזוי אפ פון די אידישע בעסטע טראדיציעס און גיט זיך אפ מיט אזוינע עקלהאפט־פיזישע איבענ־גען... ער פלעגט באטראכטען זייערע נאקעטע ארעמס מיט די אנגעצויגענע מוסקולען, די ברוינע פלייצעס און ברוסטען, און פלעגט זיך דערביי דערמאנען אן יענע אידישע חברים אין דער היים, די בלאסע פנים'ער מיט די פינקלענדיגע שעהנע אידישע אויגען. א געפיהל פון צער אויף דאס פארגאנגענע געמישט מיט א

געפיהל פון עקעל אויף דאס איצטיגע, האט אנגעפילט זיין הארץ. ער פלעגט אמאל בלייבען שטעהן א לענגערע צייט, נאכקוקען דעם דאזיגען ווילדען ספעקטאקעל, אפּקעהרען זיך מיט א דערווי־דער־געפיהל און ווידער באטראכטען, נאכקוקען, ווי זיי לויפען איינע נאך די אנדערע, ווי די הירשען אין די אפריקאנער וועלדער.

אמאל האט ער אונטערגעהערט א שמועס פון צוויי מיטעל־יעהריגע גרינע אידען, וואס זיינען געשטאנען נעבען איהם און האבען באטראכט די לויפענדע נאקעטע באיעס...

— דאס איז זעהר געזונט! — האט איינער געזאגט, און זיך איינגעטרונקען מיט זיינע קורצזיכטיגע אויגען אין די בראנזענע לייבער.

— איין קליינינקייט! — האט דער צווייטער זיך באגייס־טערט. דאס איז א טייערער „עקסיסיים"... זיי וועלען שוין פאר גוים קיין מורא ניט האבען...

— זיי זיינען אליין גוטע גוים! — האט זיך סענדעראוויטש אריינגעמישט, ניט קענענדיג פארטראגען די התפעלות, וואס די גרינע אידען, אליין אויסגעצעהרטע און קראנקהאפטע, קריגען פון די דאזיגע ווילדע באיעס...

דאס האט שוין די גרינע אידען פארדראסען: קומט א נאר־רישער יונגערמאן און מאכט צונישט זייער אידעאל: גבורה... א גליינינקייט — גבורה!... און איינער, באטראכטענדיג מיט פעראכטונג סענדעראוויטש'ס מאגערן פּנים און אפּמעסטענדיג איהם פון קאפּ ביז די פיס, האט זיך אפּגערופען:

— וואס, מיסטער? עס געפעלט אייך ניט?...

און דער צווייטער, קענטיג אויך אז אונבאוואוסטזיניגער פארעהרער פון לאטיינישען פסוק, האט נאך שארפער סענדעראוויטש'ען אנגעגריפען:

— געהט, מיסטער, אהיים און מאכט אויך אביסעל עקסיסייס... נישקשה, עס וועט אייך ניט שאדען... געהט, מיסטער, געהט...

און אוועקגעהענדיג פון זיי מיט א געפיהל פון באליידיגונג און כעס, וואס זיין אידעאל געהט דא אונטער, האט סענדעראוויטש

נעלאזט זיך געהן אהיים. די פיס האבען זיך ביי איהם געבויגען, אויפ'ן שטערען האט איהם ארויסגעשלאגען א שוויים...

אריינקומענדיג אין זיין צימער האט ער זיך אנידערגעווארפען אויפ'ן שטוהל און זיך אפגערוהט. אין קאפ האט איהם געעגבערט דיביידע פסוקים, דער ביבלישער און דער לאטיינישער. פאר די אויגען האבען איהם געשוועבט און זיך פארבייגעטראגען די מחנה לויפענדע האלב־נאקעטע באיעס מיט די בראנזעווע לייבער און ווי שטאל אנגעצויגענע מוסקולען.

ער האט זיך פלוצלונג אויפגעשטעלט, אראפגעווארפען פון זיך דאס רעקעל, פארקאשערט די ארבעל פון העמד און זיך באטראכט... ער האט ניט קיין ברעקעל מוסקול. א חרפה פאר היינטיגער צייט...

ער האט גענומען פאכען מיט ביידע הענד ארויף און אראפ, ארויף און אראפ.

דאס האט ער געמאכט „עקסיסיים", ווי די צוויי גרינע אי־דען האבען עס אנגערופען...

און דער לאטיינישער פסוק האט אפגעהאלטען זיין ערשטען זיעג איבער דעם אלטען, איבער דעם אידישען...

# דער פּאָליטישער

אין דער קליינער קאַפע, וואו עס קומען זיך צוזאַמען די גאַנצע אַלב־ראַדיקאַלע פּערזאָנען פון דער אידיש־רוסישער קאָלאָניע אין ניו־יאָרק, איז געווען ענג און טומעלדיג. ביים קיילעכדיגען טיש, אין דער מיט פון קאַפע, וואו עס קענען זיצען בדוחק אַכט מענשען, זיינען דאָס מאָל געזעסען אַכצעהן בהרחבה און נאָך פינף געדריקטערהייט, און ביי אַ זיבען האָבען אַנטייל גענומען אין געשפּרעך שטעהענדיגערהייט... דער דאָזיגער קיילעכדיגער טיש איז אַלע מאָל דער וויכטיגסטער. אַרום איהם זיינען שוין געזעסען די פּני, די „פער“ און די אַריסטאָקראַטען פון דער „באַוועגונג“ און פון דער ליטעראַטור. דער דאָזיגער טיש האָט זיך שוין אָנגעהערט אַזוי פיעל רייד, אַזוי פיעל פּראָגראַמען, אַז ער ווערט שוין ניט איבערראַשט פון דעם גרעסטען אַבסורד. פון צייט צו צייט בלויז גיט ער זיך אַ שאָקעל, ווען אַ געוויסער „באַוועגער“ פון דער באַוועגונג באַוועגט איהם צו פיעל מיט די הענד און מיט די פיס. זאָנסט הערט ער אויס אַלעם רוהיג און געלאַסען. ער ווייס אַפּנים, אַז קיין גרויסע האַפט האָבען ניט די אַלע רייד פון די, וואָס רינגלען איהם אַרום.

דאָס מאָל אָבער איז ער אַליין געווען אַביסעל פאַרגאַפט. נעבען איהם אין דער מיט, אויב אַ קיילעכדיגער טיש קען האָבען אַ מיט, איז געזעסען אַ דיקער, פעסט־געבויטער מאַן אין די זעכציגער יאָהרען. געקליידעט איז ער געווען ווי אַ רוסישער ליבעראַל, אין אַ שוואַרצען „קאַטעוויי“ מיט אַ וועסט אין געדריקטע קעסטעלעך. איבער דער ברייט פון דער וועסט איז געהאָנגען אַ דיקע גאָלדענע קייט. אויף דער בערגעלדיגער נאָז האָט געריטען שטאָלץ און האָפערדיג אַ פּאָר גאָלדענע ברילען. געערדט האָט

ער, ווי אַלע ליבעראַלען: מיט אַ ווייכען באַס, אַביסעל הייזעריג־לער, וואָס עס האָט צוגעגעבען זיין כאַראַקטער ווייכקייט און הור־מאָניזם...

און כאָטש זיין גאַנצער אויסדרוק און זיין האַלטונג איז געווען פון אַ מאַן, וואָס איז פעסט איינגעוואָרצעלט אין דער וועלט און איז אַ באַזיצער פון אַ גאַנץ ניש׳קשה׳דיג פאַרמעגען. האָט דאָך אין זיין באַנעהמען זיך געקלונגען אַ נאָטע פון אַ פאַרפאַלגטען. און ווירקליך האָט דער קיילעכדיגער טיש צוזאַמען מיט די געסט אַרום איהם, באַלד ערפאַהרען, אַז אָט דער מאַן, וועלכער האָט אַזאַ שעהנעם נאָמען — זילבערמאַן — איז נישט מעהר און נישט וועניגער ווי אַ פּאָליטישער פאַרברעכער פון רוסלאַנד.

ער האָט זיך דערפאַר געהאַלטען מיט ווירדע, דער העררזילבערמאַן. ער האָט געמוזט אין אַ פינסטערער נאַכט פאַרלאַזען די פרייע רוסלאַנד און אַריבערפּעקלען זיך קיין אַמעריקא, ווייל דאָרט אין רוסלאַנד זיינען איצט זיינע אידעען וועגען אייגענטום צו ראַדיקאַל.

העררזילבערמאַן איז פאַר אייגענטום! און אין רוסלאַנד איז אַזוינס איצט צו ראַדיקאַל. די נייע רעגירונג איז געגען דעם! אייגענטום מוז אָפּגעשאַפט ווערען!

העררזילבערמאַן האָט ניט געקעמפט פאַר זיין אייגען גליק. ניין! איהם האָט אָנגעריהרט דאָס גליק פון זיין גאַנצען קלאַס. ער האָט ניט געקענט צוקוקען ווי די רעכט פון זיין קלאַס ווערען גע־טראָטען מיט די פיס און ער איז דערפאַר עפענטליך אַרויסגעטרא־טען געגען דער רעגירונג, וואָס וויל אָפּשאַפען אייגענטום.

ער איז געוועןגרייט צו ליידען פאַר זיין אידעאַל. לאָמיר זאָגען: זיצען אַ פּאָר מאָנאַט אין תפיסה... אָבער די לאַגע איז דאָרט ניט אַזאַ. די רעגירונג איז צו שטרענג און ער, דער רעוואָ־לוציאָנער זילבערמאַן, וואָס איז אַרויסגעטראָטען געגען דער רע־גירונג, האָט זיך גערעכענט פאַר צו־געפעהרליך און ווער ווייס וואָס איהם וואָלט ערוואַרטעט, ווען ער זאָל ניט אַנטלויפען.

זיצען אַרום קיילעכדיגען טיש די אַמאָליגע פאָליטישע, וועלכע

האבען געקעמפפט געגען אמאליגער רעגירונג און הערען זיך צו מיט א שמייכעלע צו די טענות פון דעם נייעם פּאליטישען, וואס איז ארויסגעטראטען געגען דער היינטיגער רעגירונג. געוויס זיי־נען זיינע טענות באשפריצט מיט בורזשואזנע אידעען, אבער דאך פיהלען זיי צו איהם א געוויסע סימפּאטיע. ער איז ד א ך א פּא־ליטישער, א פערפאלגטער פון זעלבען לאנד, וואו זיי זיינען גע־ווען פארפאלגט און זיי באציהען זיך צו איהם מיט רעספּעקט.

— הייסט עס, איז קיין מעגליכקייט ניט געווען פאר אייך צו בלייבען דארטען ?... — האט איהם איינער פון די אמאליגע פּא־ליטישע א פרעג געטהאן.

— קיינע מעגליכקייטען ! — האט הערר זילבערמאן אויפגע־זיפצט... — די פעסער, פארשטעהט איהר מיך, האט מען אבגע־שאפט ; איהר, אמאליגע פּאליטישע, זייט געווען גליקליכער — איהר פלעגט קענען לעבען אויף א פרעמדען פּאספּארט און אר־בייטען ווידער פאר אייער אידעאל... איך, פאר מיין אידעאל — און אייגענטום, מיינע פריינד, איז א גרויסער אידעאל... איך אבער האב ניט געקענט... טראצקי איז זעהר שטרענג, זעהר שטרענג !...

— איז, הייסט עס, וועט איהר דא שוין פארבלייבען ?

הערר זילבערמאן האט אנגענומען די גאלדענע קייט, זיך געשפּיעלט מיט איהר און געזוכט ביי איהר טרייסט און מיט א פרומער מינע פון א פּאליטישען געענטפערט :

— לאמיר האפען, אז די צייטען וועלען דארטען ווערען פריי־ער... דער רעזשים וועט פאלען און דעמאלט וועל איך מעגען זיך צוריקקעהרען...

— וואו־זשע געפינט איהר זיך דא ?

— חי־חי־חי, — האט הערר זילבערמאן ביטער געלאכט, — איך האב דא א זוהן... אויך א פּאליטישער...

— מיט אייך צוזאמען געקומען ? — האבען איניגע געפרעגט פער׳הדוש׳ט.

— ניין ! — האט הערר זילבערמאן געשמייכעלט, — ער איז שוין דא א יאהר פופצעהן. ער איז פון ניקאלאי׳ס צייטען... ער

איז אַנטלאָפֿען פֿון ניקאָלאַיס רעגירונג און איך פֿון טראָצקי'ס... איהר פֿאַרשטעהט ?...

דער הערר זילבערמאַן האָט געשמייכעלט אַ ווײַלע און צו־געגעבען :

— עס איז, גלויבט מיר, אַלץ איינס ; איך בין פּונקט אַזאַ פּאָליטישער, ווי מײַן זוהן...

און איידער ער האָט צײַט געהאַט צו ענדיגען זײַן מיינונג, איז אין קאַפֿעע אַרײַן אַ מאַן פֿון אַ יאָהר פֿערציג, מיט אַן אויס־זעהן פֿון אַן אַמעריקאַניזירטען אַלרייטניק, געזוכט מיט די אויגען אַרום די טישלאַך און באַמערקענדיג הערר זילבערמאַן, איז ער צו איהם צוגעגאַנגען און מיט אַ האַלב שטרענגען טאָן זיך געווענדעט :

— וואָס טהוסטו דאָ, פּאַפּאַ ?...

הערר זילבערמאַן האָט זיך אומגעקוקט ; זיך פֿערשעמט ווי אַן אינגעל, וואָס דער טאַטע כאַפּט איהם ביי אַ באַגאַנגענע נאַ־רישקייט און אַרויסגעמורמעלט :

— אַט, מען שמועסט מיט אַמאָליגע פּאָליטישע...

דער יונגער זילבערמאַן האָט זיך ווי עס איז אַריינגעדריקט צווישען דעם טאַטען און אַ פֿרעמדען, וועלכער האָט געמאַכט פּלאַץ פֿאַר איהם און ער האָט זיך אָנגערופֿען :

— נאָך מײַן מיינונג, פּאַפּאַ, האָסטו זיך ניט געדאַרפֿט גאָר מישען...

דער פֿאָטער איז אַנגעצונדען געוואָרען :

— און דו אַמאָל האָסט געמעגט ? !...

— בין איך טאַקע געוועזן אַ נאַר...

דער פֿאָטער האָט זיך, קענטיג, דערמאָנט, אַז ער האָט אַמאָל זײַן זוהן אַזוי געשטראָפֿט, וואָס יענער האָט זיך צופֿיעל געמישט אין פּאָליטישע ענינים. ער האָט זיך איצט דערפֿיהלט פֿאַרשול־דיגט, און אום צו פֿאַרענטפֿערען זיך, האָט ער שטיל אַרויסגעמור־מעלט :

— עס איז נאָך פֿונדעסטוועגען ניט גלייך. איך האָב גע־

קעמפט פאַר אַ יושר'דיגע זאַך, פאַר אייגענטום... און פאַר וואָס האָסט דו געקעמפט?...

דער זוהן, וואָס פאַרמאָגט איצט אַ שעהנעם פאַרמעגען, און וועלכער האָט אַלע נאַרישקייטען שוין לאַנג אַרויסגעשלאָגען פון'ם קאָפּ, האָט געשמייכעלט און צוגעגעבען:

— יאָ, פּאַפּאַ, דיין קאַמף איז אַ גערעכטער... איך גיב צו...

און די צוויי פּאָליטישע, דער פאָטער און דער זוהן, האָבען זיך אויפגעהויבען פון'ם אָרט און זיך צושיידט מיט דעם קיילעכדיגען טיש...

דער ליצ פון טישעל האָט חוזק געמאַכט:

— פּ אָ ל י ט י ש ע . . .

דער פילאָזאָף האָט איהם אָבער געשטראָפט:

— דער זוהן, ווי דער זוהן; אָבער דער פאָטער איז מיר ווירקליך סימפּאַטיש. מען זעהט ווי ער ליידט. ער איז פּונקט אַזאַ פּאָליטישער, ווי מיר אַמאָל פון ניקאָלאַי'ס צייטען... וואָרים דעם אמת'ען־אמת ווייסט דאָך קיינער ניט...

# תחית־המתים

מיין פריינד משה איז איינער פון די סענטימענטאַלסטע מענשען, וואָס איך קען. ער איז פול מיט ליעבע צו דער גאַנצער וועלט און איהרע באַשעפענישען. טרעפט ערגעץ אין דער וועלט, מעג עס זיין אין דעם ווייטסטען ווינקעל, אַן אומגליק, געהט שוין משה אַרום אַ דערשלאַגענער; לייענט ער דורך, אַז ערגעץ אין אַ לאַנד, מעג עס זיין אין אַביסיניען, קומען פאַר אומרוהען, קען ער שוין אַליין ניט רוהען. ער קומט שוין צוגעהן צו מיר, מיט דער צייטונג אין דער האַנט און טייטעלט מיט'ן פינגער אויף דעם פּלאַץ וואו די אומרוהען קומען פאַר.

— דו זעהסט?

— וואָס?...

— אין אַביסיניען...

— נו?...

— אומרוהען, גרויסע אומרוהען, וועה איז מיר!

— וואָס געהט דאָס דיך אַן אַביסיניען? ביזט דאָרטען ווען געוועזען?

— וואָס הייסט... זיי זיינען דאָך מענשען גלייך ווי מיר.

— ווי מיר? — באַליידיג איך זיך, אַלס איינער פון דער וויי־סער ראַסע, — ווי מיר זיינען זיי ניט, זיי זיינען דאָך שוואַרצע.

— און שוואַרצע זיינען קיין מענשען ניט? — בעט ער זיך ביי מיר.

איך גיב איהם צו, אַז יאָ... אָבער צו וואָס זאָל ער זיך אָפּ־עסען דאָס האַרץ? די אַביסיניער וועלען זיך שוין באַרוהיגען אַליין.

נאַטירליך שטאַמט אַזאַ סענטימענטאַלער מענש פון רוסלאַנד.

כאטש געוואנדערט האט ער אין פארשיידענע לענדער און וועלט־טיילען, איז איהם רוסלאנד טייערער פאר אלע שטיקער ערד. וואו ער זאל ניט זיין, איז זיין געדאנק אין רוסלאנד, זיין האפנונג אויף רוסלאנד... וואו ער זאל זיך ניט געפינען, זאמעלט ער געלד אויף הוצאות צוריק קיין רוסלאנד. איז ער אין אמעריקא, ארבייט ער נעבאך שווער און בימער צונויפצוקלאפען אויף א טיקעט צו פאהרען צוריק, כאטש אמעריקא האט ער זעהר ליעב, און אזוי ווי ער איז אן עלענדער אויף דער וועלט און האט קיין קרובים ערגעץ ניט, איז טאקע דער אנקעל סעם ביי איהם פאררעכענט פאר אן אמת'ען אנקעל... אבער דער רוס איז איהם דאך נעהנטער; דער רוס איז זיינער א ברודער.

— א שטיף־ברודער... — פאררעכט איך איהם אמאל.

— ניין... א ברודער, אן אמת'ער ברודער! — שטעהט ער פעסט אויף זיינס.

די לעצטע צייט האט ער געזאמעלט א פעני צו א פעני צו פאהרען צוריק אין רוסלאנד, ביי דער ערשטער געלעגענהייט.

איז אבער אן אומגליק ווידער, וואס טראצדעם וואס משה איז א פריידענקער, האט ער דאך מורא פאר מתים, און, לויט זיין מיינונג, איז רוסלאנד איצט פול מיט מתים.

— מתים? — דערשרעק איך מיך אליין, — וואס רעדסטו, ווי אזוי?...

— מיר לעבען אין א גרויסער צייט! — דערקלעהרט ער מיר און איך מערק, ווי זיין שטערען באשלאגט א קאלטער שוויים...

— יא, אין א גרויסער צייט... — בין איך מודה, — וואס האט עס אבער צו מתים?...

— ווייסט דאך... — שטאמעלט ער... — איך בין ניט קיין אבערגלויבער, אבער מיין פאנטאזיע האט זיך איהר בליק... זי זעהט דאס, וואס עס איז אין דער ווירקליכקייט נימא.

— ערקלעהר עס מיר...

— פארשטעהסט, — נעהמט ער זיך צונויף מיט אלע כחות, דאס געדרוקטעווארט האט א גרויסע קראפט. אז איך לעז איבער

וועגען עפּעס א געשעהעניש, בלייבט שוין ביי מיר דער איינדרוק אויף שטענדיג. טאמער ווערט עס אפילו אפּגעלייקענט, איז שוין אבער דער איינדרוק אזוי איינגעקריצט, אז די אפּלייקענונג ווירקט נאר אויפ׳ן שכל, אבער ניט אויף דער פאנטאזיע. אז איך לעז, אז איינער איז געשטאָרבען איז ער שוין ביי מיר טויט אויף אייביג, מעג מען נאכדעם אפּלייקענען די ידיעה און ערקלעהרען, אז יענער לעבט...

— נו... אנטקעגען וואס זאגסטו עס אלץ? — דערשרעק איך זיך אויך אביסעל.

— אנטקעגען די לעצטע טויטע און גע׳הרג׳עטע אין רוס־לאנד... — ענטפערט ער און ציטערט ווי א בלאט — שטעלט זיך פאר די אלע גע׳הרג׳עטע: גארקי, ספּירידאנאווא, שליאסבערג, די „באבושקא״... און נאך... זיי לעבען דאך אלע, זיי זיינען דאך אויפ־געשטאנען תחית־המתים...

— איז דאך גוט... — טרייסט איך איהם.

— אודאי איז גוט... שעהנע מענשען, ליעבע מענשען... אבער איך האב יעדערען פון זיי שוין געהאלטען פאר טויט, אפּגעקלאגט זיי... מיט אמאל, איך קום אין רוסלאנד, איך פאהר אריין אין מאסקווע, איך קום אויף א אידישען מיטינג... דער פארזיצענ־דער שטעלט פאר וואלף שלאסבערג, וועלכען די שלעכטע מענשען האבען גע׳הרג׳עט... תחית המתים אויפגעשטאנען... שטעל זיך פאר מיין שרעק...

— אבער מען האט דאך איהם קיינמאל ניט גע׳הרג׳עט, — בארוהיג איך איהם...

— יא... דאס וויים איך... מען האט אפּגעלייקענט... אבער ווען? אין ד ר י י ח ד ש י ם א ר ו ם . . . אבער אין פארלויף פון די ד ר י י ח ד ש י ם האב איך איהם געזעהן אין מיין פאנ־טאזיע א גע׳הרג׳עטען... שטעל זיך פאר... דריי חדשים איז א מענש טויט, קענסטו אזוי גרינג פועל׳ן, אז ער לעבט? בפרט, אז גע׳הרג׳עט האט מען איהם מיט די גרעסטע בוכשטאבען אויף דער פראנט פון דער צייטונג, און לעבעדיג האט מען איהם געמאכט

מיט „פעטיט“, ערגעץ אויף דער זיבעטער זייט, צווישען נעביל'ס טעאַטער און פּערלמאַנ'ס פּיאַנאָ סטאָר... מען זאָגט, אַז ווענען אַנדערע געה'רג'עטע און געשטאָרבענע האָט מען אויך אַפּגעלייי קענט. איך האָב עס ניט געזעהן... איך וועל קומען אַהיים און וועל זיי טרעפען... איך וועל פאַר שרעק אַנידערפאַלען...

— אדרבא... ווענסט זיך דאַרפען פרעהען, — טרייסט איך און טוטיג איהם. פון טויט לעבעדיג געוואָרען, אמת'ע תחית המתים... ווי אין שמונה עשרה שטעהט: „מחיה מתים ברחמים רבים“...

— יאָ... אַלץ אמת, — גיט מיין חבר משה צו, — אַבער מיין פאַנטאַזיע... און וואָס וועל איך טאָן, אַז דער צאַר איז אויך לעבעדיג געוואָרען... שטעל זיך פאַר מיין שרעק... אַ מענש איז אַ יאָהר צייט געלעגען אין אַ העהל... דו ווייסט דאָך, מיט אַמאָל — ער שטעהט פאַר דיר אַ בלאַסער מיט אויסגעשטאַרטע אויגען...

— רייד ניט! — האָב איך זיך אויך אַביסעל דערשראָקען... — תחית-המתים שטעהען אויף בלויז די גוטע; מיט אַזוינע רשעים ווי דער צאַר, קען עס ניט פּאַסירען...

— יאָ... מעגליך, — האָט מיין פריינד משה אַ מורמעל געד טאָן. — אַבער מורא האָב איך, און ביז די זאַך וועט ניט קלאָר ווערען, וועל איך טאַקע ניט פאַהרען...

אָט אַזאַ ציטעריגער איז מיין פריינד משה! האָט מורא פאַר ת ח י ת ה מ ת י ם , און בלייבט צוליעב דעם אין אמעריקאַ...

# מעהר ניטאָ

כּאָטש פּעשע געפינט זיך שוין דאָ אין לאַנד ביי אַ צעהן יאָהר, פיהרט זי זיך נאָך אַלץ אויפ'ן היימישען שטייגער. ניט נאָר זי איז ניט געוואָרען קיין לײדי, נאָר אפילו ענגליש ריידען האָט זי זיך אויך ניט אויסגעלערענט. און צו וואָס דאַרף זי דאָס ענגליש, אַז דער געגענד וואו זי וואוינט איז לויטער אידען. די עטליכע ווערטער וואָס זי מוז נוצען אין ענגליש, ווי גראָסערימען, בוטשער, איז איהר אויך על אפה ועל חמתה. זי האָט זיי ניט ליעב. די קלענערע קינדער געהען אפילו אין סקול, אָבער מיט פּעשע'ן ריידען זיי אידיש אפילו דער מאַן נחום, וועלכער איז אפילו לענגער אין אמעריקא, ווייל ער איז געקומען דער ערשטער און ערשט דער־נאָך פּעשע'ן מיט די עלטערע קינדער אַראָפּגעבראַכט — איז אויך ניט קיין גרויסער קענער פון ענגליש. אָבער וויבאַלד ער ארבייט אין אַ שאָפּ, כאַפּט ער דאָרט אַמאָל יאָ אַ גאַנצען ענגלישען זאַץ און ברענגט עס אויף דער נאַכט אַהיים. אָבער פּעשע שטעלט אויף איהם אַן אַ פּאָר אויגען, און ער פאַרכאַפּט זיך און מוז עס פאַר־טייטשען אויף אידיש. דאָס איינציגע וואָרט, פון וועלכען ער קען זיך ניט אָפּגעוועהנען, איז „ביקאָז". פּעשע ווייס ניט, פאַרוואָס זי האָט אַזוי פיינט דאָס וואָרט „ביקאָז". צום וואָרט „באָט" האָט זי זיך שוין ווי עס איז צוגעוועהנט, כאָטש אַ צייט מיט יאָהרען האָט זי אַלץ געמיינט, אַז „באָט" איז אַ היימישער באָט, וועלכען מען טוט אָן אויפ'ן פוס.

פּעשע האָט, אַלזאָ, איהר שפּראַך פון דער היים, דאָ ניט פאַר־געסען. זי נוצט דאָ אוים אַלערליי אַלטע ווערטער פון איהר מאַמע'ן און פון איהר באָבע'ן. זי נוצט נאָך דאָ דעם „העז אַביסעל?", דעם „ביזקעל וואַנען", דעם „אם ירצה השם" און דעם „עלעהיי".

אינגערע מיסעסען, מיט וועלכע פעשע צעלאזט זיך אמאל אין א שמועס, פארשטעהען שוין גארניט די דאזיגע ווערטער, און זיי פרעגען אמאל איבער און אמאל קוקען זיי זיך איבער און שמייכלען.

די ריינקייט פון דער אידישער שפראך איז צו פארדאנקען דעם צופאל, וואס פעשע קען ניט לייענען ניט נאר קיין ענגליש, נאר אויך ניט קיין אידיש. אז זי הערט אמאל פארלעזען א אידישע צייטונג מוז זי איבערפרעגען ביי א העלפט ווערטער, וועלכע זי האט אין דער היים ניט געהערט. און נאך יעדער מאל פארטייטשען קריטיקירט זי די שפראך: „א לשון אביסעל!“ נחום פארטיידיגט דוקא דאס לשון: „וואו מען איז אזוי דארף מען ריידען“. פעשע איז איהם אבער מוחל די נייעס מיט די ווילדע ווערטער. די הויפט־נייעס וויסט זי סיי־ווי־סיי, מען הערט זיי אין סטריט, און די קלייניגקייטען געהען איהר ניט אן. זי האט גאר פאר זיי קיין געדולד ניט. בשעת עס איז געווען די מלחמה האט זי בשום־אופן ניט געקענט באגרייפען ווער־מיט־וועמען עס שלאגט זיך. פאר איהר איז געווען גענוג, אז עס איז מלחמה און אלע איז געווארען טייערער.

צום סוף האט זי זיך געכאפט, אז מען דארף טאקע יא וויסען וואס עס טוט זיך אויף דער וועלט. ווארים זי מאכט איצט אזעלכע טעות'ן אין איהרע רייד, אז איהר נחום מוז איהר אלע ווייל פארבינדען.

אז פעשע פלעגט אמאל אפקאכען א גוטען מאכל און האט עס איהם דערלאנגט נאך דער ארבייט, פלעגט זי ליעב האבען צו־צולעגען:

— עס איז אזוי געשמאק, אז דער קייסער מעג דאס עסען.

היינט, אז זי זאגט עס, שמייכעלט נחום און פארריכט איהר:

— נארעלע, היינט עסט דארטען אן ארבייטער בעסער ווי דער קייסער. דער קייסער איז צופרידען, אז מען גיט איהם וואס־עס־איז.

און פעשע ווערט געוואהר, אז פון קייסארים איז שוין קיין זכר דארטען ניט געבליבען, אלע אראפ!

— עס הייסט, אַז עס זיינען נאָך דאָ — טרייסט איהר נחום אַ צוויי־דריי, אָבער קבצנים. זיי זיינען מקנא דעם בעקער! — ענדיגט ער מיט אַ וויצעלע.

פרעגט זי נאָך:

— ווער־זשע איז דאָרט איצט דער מאַכער?

נחום, וועלכער לייענט ציימונגען, ערקלעהרט איהר, אַז אין רוסלאַנד איז לענין, און אין דייטשלאַנד איז נאָך ניט זיכער ווער.

געראַט ווידער ביי פעשע׳ן דאָס עסען, שמייכעלט זי צו נחום׳ען און זאָגט:

— עס, נחום, עס! ס׳איז אַ מאכל! לענין האָט עס אויך געמעגט עסען!

צולאַכט זיך נחום און ענטפערט:

— נאַרעלע, דאָס איז נאָך קיין באַוויז ניט, אַז ס׳איז גוט. לענין, שרייבען די פייפערס, הונגערט צוזאַמען מיט אַלעמען. ערשט נעכטען געלייענט וועגען דעם.

בלייבט פעשע פאַרשעמט. זי קען ניט געפינען קיין נייעם פאַרגלייך. אַלע הונגערען זיי דאָרטען, סיי די קייסאַרים, סיי די פיהרער. זאָל זי אפשר זאָגען: פאַר ראָקעפעלער׳ן? כאָטש שטאַרק האַלטען פון ראָקעפעלער׳ן האַלט זי ניט... נאָר אַ ברירה האָט זי!

אין אַ וואָך אַרום, אַז דאָס עסען גערוֹאַט ווידער, רופט זי זיך אָן:

— היינטיגער געבראָטענס איז פאַר ראָקעפעלער׳ן צו געבען!

שמייכעלט נחום און ערקלעהרט איהר, אַז ער, ראָקעפעלער, וואָלט זיך געוואונשען צו קענען עסען אַזאַ בראָטענס...

— וואָס ראָקעפעלער איז שוין אויך אָרים געוואָרען?! — שרייט אויס פעשע און פאַרברעכט מיט די הענט.

באַרוהיגט איהר נחום און ערקלעהרט איהר, אַז ראָקעפעלער איז איצט — נאָכדעם ווי אַלע זיינען דאָרט אָרים געוואָרען, דער רייכסטער מענש אין דער וועלט. אַלאַ וואָס דען? קיין געבראַ־

טענס עסען קען ער נים. ער איז נעבאך קראנק. מעהר ווי אביסעל מילך טאָר ער נים עסען.

דערלאַנגט זי שוין דאָס צווייטע מאָל דאָס עסען אַהן אַ פאַר־גלייך:

— עס, נחום, עס איז זעהר געראָטען. דו מעגסט עס עסען. ניש'קשה...

איצט הויבט זיך אָן מיט קליידער. אז דער עלטערער באַי האָט געקויפט אַ נייעם סוט און איהם געמאָסטען, האָט זי איהם באַטראַכט און זיך אָנגערופען:

— שעהן ווי גאָלד! דו זעהסט אויס ווי אַ גראף!

— זאָג עס נים נאָך אַמאָל, — פאַרריכט איהר נחום אַלץ מיט'ן זעלבען שמייכעל.

פאַרוואָס זאָל איך נים זאָגען? — פרעגט פעשע אומרוהיג.

— ווייל אַ גראף ביי היינטיגען טאָג געהט נעבאך אַרום אין טראַנטעס.

— שוין אויך אויס גראף, ברוך־השם! — מורמעלט זי שטיל.

דערפאַר אָבער, אז דער קלענערער באַיטשיקעל, וועלכער איז זעהר געראָטען, קומט פון סקול מיט אַן אויסצייכנונג, קען זיך פעשע נים פאַרגעסען אַ היימישען ווערטעל:

— ער האָט אַ קאָפּ פון אַ מיניסטער!

קלעהרט איהר אויף נחום, אַז אויב זי מיינט אַן אַמאָליגען מיניסטער, זאָל זי בעסער דאָס נאָך אַמאָל נים זאָגען, ווייל היינט לאַכט מען פון יענע מיניסטאָרען. איינפאַכע אַרבייטער און סאָלדאַ־טען, — זיי טוען אַלץ אויף.

— שוין קיין מיניסטאָרען אויך נימאָ, וועה איז מיר!

און וואָס פאַר אַ טיטעל פעשע זאָל די לעצטע צייט נים אָנ־רופען, שמייכעלט נחום צו און באַמערקט איהר קאַלטבלוטיג, אַז היינט, ובפרט ... די פּייפּערס שרייבען, איז דאָס שוין אויס, מעהר נימאָ! כאָטש נעהם און לערען זיך אויף דאָס גיי ריידען...

# דאָס הייליגע פּאָר'ל

אין זייערע קליידער האָבען זיי זיך ניט אונטערשיידט פון אַלע אַנדערע יונגע לייט אין דאַון־טאַון. אויך זייערע מאַניערען זיינען געווען כמעט דיזעלבע, ווי ביי אַלע יונגע לייט וואָס געהערען צו אַ געוויסען אינטעליגענטען קרייז און רייבען זיך אַרום אַ פּאַרטיי. אָבער דאָך האָט מען, נאָך אַ טיפערען בליק טאָן אין זיי, געקענט באַמערקען, אַז זיי געהערען צו אַן אַנדער וועלט און איבער געוואַלד לעבען זיי דאָסזעלבע לעבען ווי אַלע איבריגע.

שוין פון זייערע נעמען אַליין, וואָס זיינען אייגענטליך געווען פּסעוודאָנימס, האָט מען געקענט אורטיילען, אַז צו דעם וואָכעדיגען און אַלטעגליכען לעבען באַציהען זיי זיך מיט אַ ווידערגעפיהל. איינער פון זיי האָט געהייסען בן־נקדימון און דער צווייטער בן־צפיפון. דאָס איז דאָס איינציגע, וואָס זיי האָבען געבראַכט פון ארץ־ישראל, וואו יעדער פון זיי האָט געלעבט צו עטליכע יאָהר.

געקומען זיינען זיי אַהער פון אַ קאָלאָניע אין ארץ־ישראל, וואו עס האָבען זיך געפונען סך־הכל ביי אַ צוויי הונדערט אידישע פאַמיליעס. פּונקט אַזוי פיעל, וויפיעל עס געפינען זיך אינ'ם טעגעמענט־הויז, וואו זיי האָבען ביידע איצט זייערע צימערלאַך. אָבער לויט זייערע מיינונגען, וואָס זיי האָבען פון צייט צו צייט אויסגעדריקט, איז דאָס אמת'ע אידישע לעבען דאָרטען, און די אַנדערטהאַלבען מיליאָן אידען פון ניו־יאָרק זיינען אַן אונשעפּפערישער פּראָדוקט, אָדער אויף זייער לשון — גלות־אידען.

בן־נקדימון איז געווען דאָרטען אַ שומר און האָט געהיט די וויין־גערטנער פון אַראַבישע רויבער. דער צווייטער, בן־צפיפון, איז געווען אי אַ שומר, אי אַ שרייבער. דאָרטען האָבען זיי געהאַט צו ביקסען און צו פערד; דאָ זיינען זיי ביידע געוואָרען שריי־

בער און אנשטאט צו רייטען אויף פערד, פלעגען זיי מוזען אַלע טאָג שלעפּען זיך אין דער רעדאַקציע און צוריק אין אַן ענגער קאַר, וואו דער קאָנדוקטאָר האָט זיי אַריינגעדריקט מיט גראָבע הענט און זיי האָבען זעלטען געהאַט אַ פּלאַץ וואו צו זיצען.

געגעסען האָבען זיי ביידע אין איין רעסטאָראַן און צווישען איין געריכט און דער צווייטער, פלעגען זיי ריידען צווישען זיך לשון־קודש. צום „וועיטער" אָבער האָבען זיי זיך געווענדעט אין אַ ריינעם אידיש. פאַר אַזאַ וואָכענדיגער זאַך ווי עסען, האָט זיי ניט געאַרט, וואָס זיי באַנוצען זיך מיט אַ וואָכענדיגער שפּראַך. דער וועיטער האָט אַ לאַנגע צייט ניט געוואוסט, אַז דאָס, וואָס זיי ריידען צווישען זיך איז לשון־קודש, ווייל זיי האָבען גערעדט מיט'ן ספרד'ישען אַקצענט און דעם וועיטער האָט זיך די ערשטע צייט געדאַכט, אַז דאָס זיינען אידען פון בוענאָס־איירעס, וואָס ריידען ספּאַניש. ערשט, אין אַ צייט אַרום האָט ער ערפאַהרען, אַז אַזוי רעדט מען היינט לשון־קודש, האָט ער פאַר זיי געקראָגען דרך־ארץ און ער פלעגט זיי שטענדיג געבען הייסען זופּ, וואָס ער פלעגט זעלטען געבען די איבעריגע געסט פון חוץ־לארץ...

דאָס חוץ־לארץ'דיגע עסען האָט די צוויי ארץ־ישראל'דיגע דוקא געפעלען. עס איז געווען קענטיג אַן זיי, אַז דאָרטען, אין דער קאָלאָניע איז ניטאָ אַזאַ שפע. זיי פלעגען זיך אַמאָל איבער־וואַרפען מיט מיינונגען וועגען דעם.

— זול גדול פה! — האָט בן־צפיפון געריהמט און בן־נקדימון האָט דאַרויף געענטפערט:

— וגם נעים לחך.

אָבער נאָכ'ן עסען איז זיי ווידער באַפאַלען אַן אומעט. עס איז דאָך אַלץ גשמיות. זיי פלעגען נאָך זיצען אַ ווײַלע, ענטפערען אויף פראַגע אַ מאָן, נעבען זיי, וואָס פלעגט זיך נאָדפרעגען וועגען דאָרטיגען לעבען, און שמייכלען אויף דעם פרעגער'ס עם־הארצות.

— איז דאָרטען דאָ קאָרם?...

— מען באַגעהט זיך אָהן זיי — פּלעגט בן־נקדימון איראָניש ענטפערען.

אָבער בן־צפיפון פּלעגט זיין ווייכער און פּלעגט פאַרריכטען:

— עס ווענדט זיך וואו. אין ירושלים איז דאַ אַ טראַמוואַי מיט פערד...

— און אַ טראָלי־קאַר?...

— אַ טראָלי־קאַר, אַ טראַמוואַי... למאי נפקא־מינה?... — פּלעגט בן־נקדימון חוזק מאַכען פון דעם גאַנצען ענין פון קאַרס. און שוויי־גענדיג אַ ווײַלע, פּלעגט ער אָנקוקען דעם חוץ־לאַרץ׳דיגען פרעגער און זיך אָפּרופען:

— וואָס דאַרפען מיר קאַרס, אַז מיר רייטען אויף פערד?...

און באַצאָהלענדיג דעם „וועיטער" פאַר׳ן עסען, זיינען זיי ביידע אַרויס פון רעסטאָראַנט.

און געהענדיג צווישען ענגע סטריטען און פּלעצער, צווישען געדרענג און געטומעל פון מענשען, קאַרס און אויטאָמאָבילס, באַ־פאַלט זיי ביידען ווי איינעם אַ בענקשאַפט נאָכ׳ן שטילען לעבען דאָרטען אין דער קאָלאָניע. און בן־נקדימון רופט זיך אָן:

— מה מעוכרים פה החיים!

און בן־צפיפון ענטפערט:

— כן... אבל שפע גדולה!

אַזוי געהען זיי צו צו אַ וועגעלע, ביי וועלכען עס שטעהט אַן אַרימער איד און פאַרקויפט אָראַנזשען.

די אָראַנזשען לאָקען זיי ביידען. עס איז אַ גרוס פון דער קאָלאָניע. בן־נקדימונ׳ען גיט עס אַ ציה צום וועגעלע.

— למאי? — פרעגט בן־צפיפון, וועלכער איז מעהר אויסגע־רעכענט.

— חכה! — בעט זיך בן־נקדימון, — אקנה בעד איזה סנטים, אני אוהם את ריחם...

דער פּעדלער קוקט זיי אָן מיט דרך־ארץ. עפּעס פיהלט ער, אַז דאָס זיינען ניט קיין היגע און ניט קיין אייראָפּעאישע. ער וויל זיי פרעגען און ווייסט ניט אויף וועלכער שפּראַך ער זאָל מיט

זיי ריידען. לשון־קודש קען ער ניט, ענגליש קענען זיי ניט. ער ריזיקירט צו ווענדען זיך צו זיי אויף אידיש:

— טאקע פון ירושלים גופא?...

בן־נקדימון שמייכעלט און שווייגט. בן־צפיפון, אביסעל סענטימענטאלער און פיהלט זיך נאך אין קרובה'שאפט מיט א גלות־אידען, ענטפערט פריינדליך:

— ניין, ר׳ איד... מיר זיינען פון א קאלאניע...

— אבער אויך פון ארץ־ישראל?... — פרעגט דער איד א פארנאפטער.

— געוויס.

— וואס קאסט ביי אייך דארטען אן אראנזש? — וויל שוין דער פעדלער וויסען די דארטיגע מקחים...

— ביי אונז קויפט מען עס ניט... יעדער האט זיין גארטען...

— טע־טע... טע!... — פאסמאקעוועט זיך דער איד — אט דאס איז טאקע א לאנד!

דא וויל שוין בן־נקדימון דערגעהן די פסיכאלאגיע פון גלות־אידען, און ווי א ווייטער באאבאכטער ווענדט ער זיך:

— בענקט איהר נאך ארץ־ישראל?

דער פעדלער דריקט מיט די פלייצעס און ווייסט ניט ווי אזוי צו ענטפערען. ער האט מורא ניט ארייצופאלען מיט א נארישען ענטפער, אז די צוויי ארץ־ישראל׳דיגע יונגע לייט זאלען פון איהם ניט לאכען און ער דרעהט זיך ארויס:

— וואס איז שייך בענקען... איך האב דא היע מיין גאנצע משפחה... אין „יוראפ" האב איך בלויז א מוהמע, איז זי שוין אויך, דאכט זיך, געשטארבען, אבער ארץ־ישראל, וואס הייסט — עס איז דאך עפעס אמאל געווען יאקבי אונזערס... אודאי וואלט איך אויף די עלטערע יאהרען געוואלט דארטען זיין. ווי זאגט מען עפעס: קיין ווערים עסען דארטען ניט...

בן־נקדימון קען שוין מעהר ניט פארטראגען. ניט אזוינע אידען דארף ער. קיין שומר וועט שוין פון אזוינעם ניט ווערען... בן־צפיפון אבער פיהלט זיך נאך א ביסעל פארבונדען מיט דעם

דאזיגען מין אידען. טאקע א גלות־איד, אבער ער האט א סך תמימות.

און אפגעהענדיג פון װעגעלע, רופט ער זיך אן:

— הנני אוהב את תמימותו!

אבער בן־נקדימון גיט איהם ניט נאך און ער בייזערט זיך:

— לא אוכל נשוא אותם!

און ביידע לאזען זיך אװעק שװייגענדיגע און בענקענדיגע איבער די ניו־יארקער טומלענדיגע גאסען און זוכען עפעס אזוינס, װאס זאל זיי דערמאנען אן דער קאלאניע, װאס געפינט זיך אזוי װייט און װעלכע שװעבט פאר זייערע אויגען.

פאר זיי ציהען זיך אין רייהען איינע נאך די אנדערע מענ־שען... דאס רוב אידען... אין זייערע אויערען קלינגט די אידישע שפראך, זיי געהען פארביי גרויסע אידישע געשעפטען, אידישע אינסטיטוציעס, אידישע רעדאקציעס, אידישע טעאטערס. זיי אבער, איינגע׳עקשנ׳טע, איינגעשפארטע מיט פארביסענע ליפען, זיינען עס אלץ מבטל מיט א שטומען בליק און אמאל מיט א העב־רעאישען װארט אויפ׳ן ספרד׳ישען אקצענט.

זיי בענקען נאך דער קאלאניע מיט די צװיי הונדערט אידי־שע פאמיליעס אין ארץ־ישראל...

און װי צװיי הייליגע בלאנזשען זיי ארום אין ד ע ר ג ר ו י ־ ס ע ר װ א כ ע נ ד י ג ק י י ט און געפינען זיך ניט קיין ארט...

# די בעזיעגטע

דער האָל איז געווען געפּאַקט. אַ קליינינקייט — אַזאַ שמחה! מען גיט אוועק ארץ־ישראל! און דערצו איז דער אריינגאַנג פריי. עס הייסט, ניט אין ארץ־ישראל — נאָר אין האָל. אום אריינצו־געהן אין ארץ־ישראל וועט מען קודם מוזען קויפען אַ טיקעט. אָבער דאָ איז דערוויילּ אומזיסט. אמת, אין האָל איז געווען שטאַרק קאַלט (די גרויסע שמחה איז גראָד אויסגעפאַלען אין די גרויסע פרעסט). אָבער אַז עס האַנדעלט זיך וועגען ארץ־ישראל, ווער קוקט אויף קעלט — אין ארץ־ישראל איז דאָך וואַרעם. און אַ שטיק ארץ־ישראל טראָגט שוין יעדער ביי זיך אין האַרץ...

דער עולם איז געווען בגילופין. ווער רעדט, אַז דער ערשטער רעדנער, אין די קאַלאָשען אויף די פיס און מיט'ן מאַנטעל אויף די אַקסלען האָט אַ געשריי געטאָן: „אידען, מיר האָבען עס!" איז באמת געוואָרען אין האָל שטאַרק וואַרעם און דער רעדנער אליין האָט זיך שוין דערפיהלט דערהיצט און האָט אַראָפּגעוואָרפען דעם מאַנטעל פון די אַקסלען...

ער איז אוועק און אוועק... ניט מיט די פיס. ער איז אוועק — מיט'ן מויל! ער האָט געקלעטערט אויף די העכסטע בערג פון יהודה — אויפ'ן לבנון, אויפ'ן כרמל, אויפ'ן מוריה און אַז ער האָט זיך שטאַרק צוהיצט האָט ער זיך אַראָבגעלאָזט צום ירדן, זיך אָפּ־געטונקט אין זיינע פרישע וואַסערען און צוריק זיך אריינגעלאָזט, רייטענדיג אויף אַ פערד, אין די אידיעשע קאָלאָניעס...

דערהערט, אָדער ריכטיגער געזאָגט, — דערזעהן די קאָלאָניעס, האָט דער עולם זיך דערפיהלט שוין גאָר זומערדיג. אַ דאַנק דעם כח הדבור פונ'ם רעדנער, וואָס איז אליין געווען דאָרטען, האָט דער עולם געזעהן די שעהנע, בליהענדע גערטנער אין רחובות, אין ראשון

לציון, אין פתח תקוה, און דאס פאלק האט געיובעלט. אפילו די עטליכע געגנער, וואס זיינען געקומען צו מאכען אן „אבסטרוקציע" און ווען נויטיג, צו צוברעכען דעם דאזיגען מיטינג, זיינען דער־ווארעמט געווארען און האבען זיך איבערגעקוקט איינע מיט די אנ־דערע און באשלאסען די דאזיגע בליהענדע קאלאניעס ניט צו־שטערען. מען דארף ניט זיין קיין חזירים... דאס איינציגע מיט וואס זיי האבען ארויסגעוויזען זייער געגנערשאפט איז געווען, וואס זיי האבען ניט אפלאדירט, ווען דער עולם האט דאס גע־טאן אלע ווײַלע...

אבער מעהר פון אלע איז געווען אויפגערעגט און צוטראגען דער טעריטאריאליסט גאלוסאווין... דער דאזיגער גאלוסאווין האט זיין גאנצע יוגענד און א שטיקעל פון די מיטעלע יאהרען אוועקגע־געבען דער אידעע פון טעריטאריאליזם... אז אידען דארפען הא־בען א לאנד — אין דער פראגע איז ער געווען אייניג מיט די ציוניסטען, נאר לויט זיין שטה איז ניט ארץ־ישראל דער פלאץ... ער האט זיין גאנץ לעבען ארומגעזוכט טעריטאריעס פאר'ן אידי־שען פאלק... ביז ער האט זיך אפגעשטעלט אויף גאלוועסטאן. גאלוועסטאן איז געווען דער טריאומף זיינער... א דאנק דער דא־זיגער גאלוועסטאן, וואס ער אליין האט אפילו ריכטיג ניט גע־וואוסט, וואו עס ליגט: אין אזיען, צי אין אפריקא, און אפשר טאקע אין אמעריקא — האט איהם געלונגען אויפצוהאלטען זיין פארטיי, וועמעס רייהען זיינען געווארען דא אלץ שיטערער און שיטערער...

די לעצטע צייט איז ער געבליבען מיט עטליכע מנינים מיט־גלידער, שוין ארייננערעכענט זאנגוויל'ן אין לאנדאן. אבער זאנגוויל איז קיינמאל ניט געווען קיין זיכערער מיטגליעד. פון דעם דאזיגען זאנגוויל האט ער געהאט שטענדיג עגמת־נפש, ווי עס איז אלע מאל דער פאל מיט א גרויסען דיכטער, וואס ווארפט זיך אין אלע זייטען און זוכט אן אויסוועג פאר זיך און פאר זיין פאלק...

נאכדעם ווי זאנגוויל האט זיך ווידער ארויסגעזאגט פעסט פאר ארץ־ישראל, און דאס גאנצע אידישע פאלק פרעהט זיך מיט די אלערליי ענגלישע הבטחות, האט גאלוסאווין זיך דערפיהלט אבי־

סעל געפאלען. זיין פארטיי פון די עטליכע מנינים מטגלידער וואס זיינען געווען צוזעעט און צושפרייט איבער דער גאנצער וועלט, און האט דערפאר געהייסען די אלוועלטליכע פארטיי — איז שטארק אפגעשוואכט געווארען... זייער דריי־מאנאטליכער ארגאן, וואס ער־שיינט נאך פון צייט צו צייט, ווערט פארטיילט בחצי־חנם און בחנם און מאכט ניט קיין איינדרוק...

און דא זעהט גאלוסאווין, ווי דער האל איז געפאקט און יע־דער רעדנער ווערט אויפגענומען מיט דער גרעסטער באגייסטע־רונג, פיהלט ער נאך מעהר זיין פאל. שטעהט ער אזוי אין ווינקעל און טראכט:

— אפשר א פאראייניגונג!...

איצט וואלט עס געווען א גוטער שדוך. ערשטענס טאקע דער יחוס: ארץ־ישראל! און צווייטענס האבען טאקע די מחותנים געלט... א קלייניגקייט — אזא התלהבות! זיין פארטיי, ווען זי פאראייניגט זיך מיט זייערע, איז דאך ניט שייך — מען קען דאך איבערקעהרען וועלטען!...

ער האט זיך גענומען חנ׳דלען צום הויפט־פיהרער פון די ארץ־ישראל׳דיגע...

— א גרויסער ערפאלג! — האט ער זיך צו איהם געווענדט.

— וואס מיינט איהר, אן ערפאלג? — האט דער הויפט־פיה־רער, חבר ירחמוני, א מורמעל געטאן מיט א באהאלטענער איראני.

— איך מיין די אידעע, און טאקע דא אין האל...

— זייט איהר געווען ביי דער ערשטער פייערונג אין האר־לעם?... — האט חבר ירחמוני דיפלאמאטיש א פרעג געטאן.

— ליידער... — האט גאלוסאווין מיט הכנעה געזאגט.

— ווירקליך, איהר מעגט באדויערען... עס איז געווען ביי זעקס טויזענד מענשען...

— פרייע ענטרעע?... — האט גאלוסאווין אויך דיפלאמא־טיש א פרעג געטאן, כדי צו געבען אנצוהערעניש, אז אויב ס׳וואלט נעקאסט דער אריינגאנג, וואלט מעגליך געווען וועניגער...

חבר ירחמוני האט עס דערפיהלט און האט מיט שטאָלץ גע־ענטפערט:

— צו אונז געהט מען אהן געלד און פאַר געלד... אָבער צו אייך...

און ער האט זיך צולאכט...

גאלוסאווין האט זיך ווי פארלוירען. אויף דער ביהנע איז געשטאַנען דער באוואוסטער רעדנער, וועלכער איז ניט באליעבט פאַר זיינע צו־לאַנגע רעדעס, און דער עולם ציטערט פאַר איהם אימת מות... דאָס מאָל אָבער האט דער עולם איהם אַלע מאָל איבערגעריסען מיט הילכיגע אַפּלאָדיסמענטען... גאַלוסאווין האט דאָס אנגענומען פאר א צייכען פון דער צייט. אין מח איז איהם דורכגעפלויגען א פסוק פון תהלים, דאכט זיך, „אז ירננו כל עצי היער"... משיח'ס צייטען...

און ווענדענדיג זיך צו חבר ירחמוני, האט ער ווי מיט גוואלד ארויסגעריסען פון מויל די פראַזע:

— איך דינג זיך מיט אייך ניט... אויב פאראייניגען זיך, איז פאראייניגען...

חבר ירחמוני, וועלכער איז געווען א געניטער פיהרער און האט שטענדיג געהאט די אַמביציע צו פארמעהרען זיין פּארטיי מיט נייע מיטגלידער, איבערהויפּט מיט אַזעלכע, וואָס זיינען געגנער געווען — האט אנגענומען א מינע פון א סוחר און גאנץ ערנסט א זאָג געטאָן:

— וואָס באַט איהר?...

— איך מיין, וואָס איז שייך, איך באַט... וואָס פארלאנגט איהר? — האט זיך דער טעריטאָריאַליסט דערפיהלט אביסעל גע־הויבען דערמאָנענדיג זיך, אז זיין פּארטיי פארמאָגט נאך פּאַרט ארום און ארום ביי א הונדערט גוט־שטעהענדיגע מיטגלידער, אוי־סער אין ווארשוי דער „היינט", משה כץ אין קיעוו און זאנגוויל אין לאָנדאָן איז נאָך אויך ניט אין גאנצען פארלוירען...

חבר ירחמוני האט א דרעה געטהאן א וואנסע (ער האט דוקא געטראָגען וואנסען) און זיך אנגערופען:

— מיר פארלאנגגען איהר זאלט אננעהמען אונזער גאנצע פראָ־גראַם...

— און וואָס איז מכח די שפּראַכען ?... — האָט גאָלוסאָווין זיך געשטעלט פעסט.

— די שפּראַכען זיינען אזוי — דאָ, דערווייל אידיש און העב־רעאיש, דאָרטען — לויטער העברעאיש.

— קען איך ניט ! — האָט זיך גאָלוסאָווין באַלייידיגט...

— ווי דען ווילט איהר ? — איז ירחמוני, ווי אַ זיעגער, גע־ווען גרויסמוטיג.

— איך וויל איין שפּראַך : דאָ און דאָרטען אידיש...

— איהר וועט דערלעגען אַ שטיקעל לשון־קודש כאָטש אין ארץ־ישראל... — האָט חבר ירחמוני גע'חוזק'ט...

גאָלוסאָווין האָט דערפיהלט, אז יענער חוזק'ט, אבער ער האָט זיך געמאַכט ניט פארשטעהענדיג און גע'טענה'ט זיינס :

— איך קען עס ניט... ד ע ר פונקט איז ביי מיר דער וויכ־טיגסטער...

— וועלען מיר זיך ניט מתחתן זיין ! — האָט ירחמוני פעסט און זיעגעריש געענטפערט...

— עקשנ'ט זיך ניט !... — האָט זיך גאָלוסאָווין שוין געבע־טען.

— אוממעגליך...

גאָלוסאָווין האָט זיך אַ וויילע פארטראַכט, און מיט אַ געבראָ־כען געמיט זיך געווענדעט צו ירחמוני :

— איך דערלעג אייך דעם תנ"ך...

— וואָס מיינט איהר דעם תנ"ך ?...

— איך מיין, אז תנ"ך זאָל מען יאָ לערנען, סיי דאָ סיי דאָר־טען, אבער אין דער אידישער איבערזעצונג...

— וואָס זשע וועט איהר טאָן מיט ביאַליק'ן ?...

— איבערזעצען... — האָט גאָלוסאָווין פארגעשלאָגען...

— אַנו, זייט אַ בריה און זעצט איהם איבער... — האָט ירחמוני גע'חוזק'ט....

— וואס זשע וועט איהר טאן מיט יהואש'ן, מיט איינ־הארנ'נען, מיט ראזענפעלד'ען און מיט אלע אונזערע גרויסע...

— גרויסע ? ! — האט ירחמוני א מאך געטאן מיט דער האנט.

— ביי מיר זיינען זיי גרוים...

דערווייל האט שוין געהאלטען ביים פארשטעלען דעם לעצטען רעדנער. ירחמוני אליין האט נאך אויך געדארפט זאגען א פאר ווארעמע ווערטער און ער האט זיך אנגערופען :

— בכן, מיר ענדיגען צי ניט... ווייל איך מוז באלד ארויפגעהן עפעס זאגען דעם עולם...

גאלוסאווין האט זיך פארגעשטעלט דאס גליק וואס איהם שטעהט דא פאר : א גרויסע פארטיי, א גרויסער באגייסטערטער עולם, רעדעס און רעדעס, ער וואלט ערשט איצט געקענט ארויס־ווייזען זיין פייער, זיין טעמפעראמענט. אז וועגען גאלוועסטאן האט ער זיך געקענט אזוי באגייסטערען, ווי אזוי וואלט ער זיך באגייסטערט וועגען ארץ־ישראל ? !... ער האט דאך אייגענטליך ארץ־ישראל שטענדיג ליעב געהאט, ניט מעהר, דאס פראגראם האט געשטערט אין דער ליעבע... ווען ער שליסט דעם אפמאך, טאקע דא אין האל, וואלט ער געקענט זאגען א פאר גרויסע ווערטער...

איז אבער — אידיש... ער קען ניט פארשאכערען אידיש... ווען דער ירחמוני זאל ניט זיין אזא עקשן !... ער וואלט איהם שוין דערלעגט דקדוק... אין די העכערע שולען — דקדוק...

— חבר ירחמוני ! — האט זיך גאלוסאווין אנגערופען — אזא וויכטיגע פאראייניגונג קען מען ניט באשליסען אט דא... קודם שטעלט מיר פאר פאר'ן פובליקום. איך וויל זאגען א פאר ווערטער וועגען ארץ־ישראל, און נאכדעם וועלען מיר זעהן...

ירחמוני האט א שמייכעל געטאן ווי א זיגער. ער האט דער־פיהלט, אז דער שונא וועט היינט־מארגען צו איהם א ר י י נ ־ פ א ל ע ן א י ן ד י ה ע נ ט ...

און דער זיגער איז געווען גרויסמוטיג און האט איהם געגעבען דאס ווארט...

# „אַ פּאָר ווערטער"

דער מיטינג אין איינעם פון די גרעסטע האלס אין דער איסט־סייד איז געווען באשטימט פאר א זעהר וויכטיגען און ערהאבענעם ציעל. עס האט זיך געהאנדעלט וועגען דעם גורל נישט נאר פון א געוויסען ברענטש, נישט נאר פון א געוויסען „טרייד", ניטש נאר פון א געוויסער פארטיי, נאר וועגען דעם גורל פון דעם גאנ־צען כלל ישראל. נאטירליך האט אזא מיטינג געמוזט באשטעהן פון א גרויסען עולם, און אום ארייצוקריגען א גרויסען עולם, איז נויטיג א גרויסע צאהל רעדנער. דערפאר האבען זיך די פאראנ־שטאלטער פון דעם מיטינג „געקליגט" און האבען אנאנסירט א צעטעל פון די גרעסטע אראטארס.

דער מיטינג האט זיך געזאלט אנהויבן „אכט אוהר שארפ". אבער אכט אוהר זיינען אין האל געווען בלויז א פאר מנינים מענ־שען פון פאלק און קיין איינציגער רעדנער. די פאר מנינים מענשען האבען זיך אויפגערעגט און האבען געפאטשט מען זאל אנהויבען. ארום א פערטעל נאך אכט איז שוין די ערשטע רייהע כמעט אין גאנצען באזעצט געווען, די צווייטע רייהע איז שוין געווען פאר־נומען מיט דעם אידען, וואס קומט אויף אלע מיטינגען און בא־שעפטיגט זיך מיט אויסשניידען מיט א קליין שערעלע וויכטיגע נייעס פון צייטונגען.

ארום האלב נאך אכט איז שוין דער האל געווען באזוכט פון א הונדערט מענשען, וועלכע האבען פארנומען אין שיטערען אופן, ביי א צעהן רייהען, און דאס האט געמאכט דעם איינדרוק, אז דער האל איז שוין כמעט ווי פול. דער פאראנשטאלטער פון מיטינג האט שוין געוואלט אנהויבען, אבער דא האט ער זיך געכאפט, אז עס איז נאך קיין איין רעדנער ניטא.

דער זיינגער איז געוואָרען ניין. צום הונדערט קעפּיגען עולם זיינען צוגעקומען נאָך א האַלב צעהנדליג. דער פאראנשטאלטער פון דעם מיטינג האָט דערפיהלט א געוויסע באפרידיגונג; דער זאַל איז כמעט פול, דאָס הייסט, עס וואָלטען געקענט אריינגעהן נאָך א פופצעהן הונדערט מענשען, נאָר וויבאַלד דער מיטינג איז געגאַנגען וועגען דעם גורל פון כלל־ישראל, איז די דאָזיגע הונדערט מיט פינף מענשען אויך געווען א גרויס געווינס. אַלענפאַלס קען שוין דער מיטינג „שטאַטפינדען“ — צוריקגעבען יעדען די צעהן סענט וועט מען שוין ניט דאַרפען.

וואו־זשע זיינען אַלע רעדנער? דער פאראנשטאַלטער האָט הינטער פלאַטפאָרם זיי געזוכט און נישט געפונען. מילא, אַנשטאָט פאַרצושטעלען דעם טשערמאן, וועט ער שוין אַליין זיין דער טשער־מאן, אבער וואו נעהמט מען כאָטש דעם ערשטען רעדנער, וואָס זאָל בארוהיגען דעם הונדערט און פינף קעפּיגען עולם, וועלכער איז שוין זעהר אומגעדולדיג, און עס שמעקט שוין אין די ערשטע צוויי רייהען מיט רעוואָלוציע? איינינגע קלאַפען שוין ניט נאָר מיט די הענט און מיט די פיס, נאָר אויך מיט די שטעקענס. און אפילו דער „איד“, וואָס קומט אויף אַלע מיטינגען מיט דער שע־רעלע, האָט שוין אויך פארלאָרען זיין שטאַלענע געדולד און האָט בייז געקוקט אויף דער פלאַטפאָרם.

ענדליך האָט דער פאראנשטאַלטער פון מיטינג זיך געכאַפּט, אז הינטער דער פלאַטפאָרם, וואו די רעדנער דאַרפען זיך צונויפקו־מען, ווען זיי זאָלען זיין פּינקטליך, דרעהען זיך אַרום א פּאָר יונגע לייט. איינער פון זיי האָט גאָר א לייטישען אויסזעהן. האָט ער זיך צום דאָזיגען מאן געווענדעט:

— איהר וועט מיר ענטשולדיגען, זיינט איהר ניט א בעלן צו זאָגען דעם עולם עפּעס?

— איך? — האָט זיך דער יונגער מאן ווי פארשעמט. — ווי קום איך צו ריידען!

— איהר „רעדט“ קיינמאָל ניט? — האָט איהם דער פאר־אנשטאַלטער פאַרצווייפעלט געפרעגט.

— וואס הייסט, קיינמאל ניט? — האט זיך דער יונגער מאן, וועלכען מיר וועלען צוליעב „סימבאליק“ אנרופען דער „פרעמדער“, ווי באליידיגט. איך רייד דוקא יא אמאל, אבער איצט בין איך ניט געשטימט.

— אבער דאך, ביז וואנען די אנאנסירטע רעדנער וועלען קו־מען, וועל איך א י ך פארשטעלען, כדי צו בארוהיגען דעם עולם. איהר הערט ווי עס רודערט? מען מוז דאך איהם וואס געבען פאר זיינע צעהן סענט...

דער פרעמדער האט זיך ווידער ענטזאגט, אבער ענדליך האט ער איינגעשטימט מיט דעם תנאי, אז ער וועט זאגען בלויז א פאר ווערטער.

— זיכער! — האט זיך דער פאראנשטאלטער דערפרעהט.

— אויב אזוי קענט איהר מיך פארשטעלען, — האט דער פרעמדער ערלויבט, — אבער איך זאג אייך נאך אמאל, נישט מעהר ווי א פ א ר ו ו ע ר ט ע ר, ווייל קיין גרויסער רעדנער בין איך ניט און בכלל האב איך פיינט לאנג צו האלטען אן עולם.

— דאס איז זעהר שעהן, האט דער פאראנשטאלטער איהם מודה געווען, — לאנג ריידען האב איך אויך ניט ליעב. מען דארף זאגען קורץ און שארף.

— קורץ און שארף, — האט דער פרעמדער פאדטאקעוועט.— אלזא, זאגט מיר די טעמע וועגען וואס דא האנדעלט זיך: וועגען א „טעריטאריע“, צי וועגען דער אידישער ליטעראטור, צי וועגען „פריפערענעס“?

דער פאראנשטאלטער האט איהם זאכליך איבערגעגעבען דעם אינהאלט און ציעל פון דעם היינטיגען וויכטיגען מיטינג, און דער פרעמדער האט עס גלייך פארנאטירט. דאן האט דער פאראנ־שטאלטער זיך אנטשולדיגט, וואס ער וועט איהם באאומרוהיגען מיט איין פראגע, און דאס איז נעמליך — ווי אזוי איז זיין נא־מען, איהם פארצושטעלען, ביז וואנען די אנאנסירטע רעדנער ווע־לען קומען.

דער פרעמדער האָט איהם אַנטפּלעקט זיין נאָמען, וואָס פאַר'ן פאַראַנשטאַלטער פון מיטינג האָט געקלונגען זעהר פרעמד.

דאַן איז דער פאַראַנשטאַלטער אַרויף אויף דער פּלאַט־פאָרמע און מיט געשטרויכעלטע קניע האָט ער געמאָלדען, אַז דער מיטינג פאַנגט זיך אַן און ער האָט די עהרע פאָרצושטעלען דעם ערשטען רעדנער.

דאָס פּובליקום, וועלכעס האָט זיך שוין פאַרמעהרט פאַר דער צייט וואָס דער פאַראַנשטאַלטער האָט אונטערהאַנדעלט מיט'ן פרעמדען, — ביז הונדערט און צוואַנציג מאַן, איז געוואָרען שטאַרק נייגעריג. דער פרעמדער האָט מיט וואַקלענדיגע טריט, ווי ניט קיין „רגיל“ באַטראָטען די פּלאַטפאָרמע און האָט פאַר איין וועג אַריינגעשושקעט דעם פאַראַנשטאַלטער, אַז ער וועט ריידען בלויז א פּאָר ווערטער, און ער האָט אָנגעהויבען.

דערווייל האָט דער פאַראַנשטאַלטער באַמערקט, אַז דער גאַנ־צער עולם רעדנער זיינען שוין געקומען און שטעהען שוין הינטערן פּלאַטפאָרם. א געוואַלדיגע שמחה האָט איהם אָנגענומען: ער וועט זיין אימשטאַנד צו געבען דעם עולם, וואָס מען האָט איהם פאַרשפּראָכען.

ער איז פאַרבייגעגאַנגען דעם פרעמדען רעדנער און האָט איהם א וואונק געטאָן, אַז ער מעג שוין ענדיגען, ווייל די רעדנער זיי־נען שוין אַלע דאָ.

דער פרעמדער אָבער האָט זיך געמאַכט ניט זעהענדיג, ער האָט זיך ערשט אָנגעהויבען צו פונאַנדער נעהמען.

האָט דער פאַראַנשטאַלטער איהם א ציה געטאָן פאַר'ן אַרבעל.

אָבער אויך דער ציה האָט וועניג געהאָלפען, ווייל דער פרעמ־דער איז ערשט אַריין אין זיין ראָל. ער האָט שוין א טרונק וואַ־סער געטאָן און האָט זיך געלאָזט אויף א שפּאַציר איבער דער פּלאַטפאָרם און געשאָטען ווערטער נאָך ווערטער.

דער עולם איז געוואָרען שטאַרק אומגעדולדיג, דאָס איז גע־ווען קענטיג אַן די עטליכע לעדיגע פּלעצער, וואָס עס איז געוואָרען אין די ערשטע רייהען. דער פאַראַנשטאַלטער האָט איבערגע־

צעהלט דעם עולם און ער האט באמערקט, אז עס פעהלען פון די 120 מענשען ביי זיבען און דער איד, וואס קומט אויף אלע מיטינ־גען מיט דער שערעלע הויבט זיך שוין אויך.

דערצו האבען די אנאנסירטע רעדנער גדראהט מיט אוועק־צוגעהן.

האט זיי דער פאראנשטאלטער גענומען פארזיכערען, אז ער וועט באלד ענדיגען, ווייל ער האט פארשפראכען צו ריידען בלויז א פאר ווערטער, ביז וואנען די רעדנער וועלען קומען.

— טא שיקט איהם ארויף א צעטעלע! — האט דער הויפט־רעדנער געגעבען בייז א באפעהל.

דער דאזיגער פארשלאג איז אנגענומען געווארען איינשטי־מיג פון אלע איבעריגע רעדנער.

— שנעל, שרייבט! — האט דער הויפט־רעדנער זיך צור־שריען, — ווארים איך זעה, אז דער עולם צוגעהט זיך.

עס איז אויף דער שנעל אנגעשריבען געווארען א צעטעל, וואו מען בעט דעם פרעמדען רחמים, ער זאל אזוי פריינדליך זיין און ענדיגען די פאר ווערטער.

דאס צעטעלע האט דער פאראנשטאלטער אוועקגעלעגט אז אויסגעשפרייטען אויפ'ן טישעל, וואס איז געשטאנען פאר'ן רעד־נער.

דער פרעמדער האט איהם אפילו נישט אנגעקוקט. ער האט געהאלטען די אויגען געווענדעט צום עולם, וועלכער איז נאך בא־שטאנען פון א פערציג מאן, און האט אויסגעלעגט זיינע פלענער, ווי אזוי צו ראטעווען דאס אידישע פאלק פון אונטערגאנג.

הינטער דער פלאטפארם האבען די אנאנסירטע רעדנער, וואס זיינען געשטאנען אין דער רייהע, אויסגעלעגט פלענער, ווי אזוי צו ראטעווען דעם מיטינג.

— אראפשלעפען איהם מיט גוואלד! — האט דער הויפט־רעדנער געהויבען די פויסטען.

— אפשר נאך א צעטעלע! — האט דער פאראנשטאלטער פארגעשלאגען.

עס איז געבליבען, אַז מען זאָל איהם שרייבען נאָך אַ צעטע־לע, אָבער שטרענג: מיסטער, פאַרלאָזט די ביהנע!

דאָס צעטעלע געשריבען מיט גרויסע, גע'כתיבה'טע אותיות איז פאַרזיכטיג אָװעקגעלעגט געוואָרען ווידער אויפ'ן טישעל, פאַר'ן רעדנער.

אָבער דער פרעמדער האָט דעם צעטעלע אפילו ניט געשענקט די מינדסטע אויפמערקזאַמקייט. איהם איז נאָך געבליבען ביי אַ פופצעהן צוהערער, האָט ער פאַר זיי „ענטוויקעלט" זיינע פּלענער, ווי אַזוי צו ראַטעווען דאָס אידישע פאָלק.

ארום האַלב נאָך צעהן האָט שוין דער פרעמדער גערעדט פאַר איין שלאָפענדיגען מאַן, וועמעס כראָפּען עס האָט זיך געטראָגען איבער'ן גאַנצען לעערען האָל.

דאָס האָט דעם פרעמדען צוגעגעבען מוטה און ער האָט אויס־געשריען אין זיין רעדע:

— דאָס אידישע פאָלק שלאָפט!

און ארויסזאָגענדיג דעם דאָזיגען גרויסען געדאַנק האָט ער פאַרשלאָגענדיג עטליכע פּלענער, ווי אַזוי אויפצואוועקען דאָס אי־דישע פאָלק, פאַרענדיגט זיין רעדע און אַראָפּ פון דער פּלאַטפאָרם.

ער האָט געזוכט דעם פאַראַנשטאַלטער צו בעקומען פון איהם אַ דאַנק, אָבער ער האָט איהם שוין ניט געפונען, סיי ער, סיי די רעדנער זיינען שוין לאַנג אַוועק.

— געה רייס זיך דעם האַלז פאַר אַזוינע גראָבע יונגען! — האָט דער פרעמדער אַ באַליידיגטער געמורמעלט, — אפילו קיין דאַנק ניט באַקומען. אַ מיאוס פאָלק!

# צוריק געליעבטע

הערמאַן, אַ יונגער, אינטעליגענטער ביזנעסמאַן, האָט ענדליך זיך אויסגעריסען פון דאַון־טאַון, וואו ער פלעגט יעדען פאַרנאַכט קומען אַליין אָדער מיט זיין יונגער ווייבעל צו פאַרברענגען שוין דאָרט דעם אָבענד אויף אַ קאָנצערט, פאַרזאַמלונג און נאָכדעם אין אַ קאַפע, — ענדליך האָט ער זיך אָוועקגעלאָזט פאַרנאַכט מיט איהר אויף בראָדוויי.

ווען ער איז אַריינגעפאַלען מיט זיין ווייבעלע, רעבעקע׳ן, אין בראָדוויי, איז שוין געווען פינסטערליך. די עלעקטרישע ליכט האָט זיך שוין אַראָפּגעגאָסען פון די הויכע דעכער, פון די שילדען און פון די שוי־פענסטער. דער גאַנצער „טענדערליין"־געגענד איז געווען געפאַרבט מיט ראָזעווען ליכט. די שטראַלען האָבען אומ־געטאַנצט אויף די געזיכטער פון די שפּאַצירענדע פאַרלער און איינציגע געהער, וועלכע האָבען זיך מיט שמייכלענדע און באַגעה־רענדע בליקען באַוועגט אַלץ ווייטער און ווייטער, געהענדיג אָהן אַ באַשטימטען ציעל, בלויז זוכענדיג עפּעס אַזוינס, וואָס איז אי פאַראַן אי ניטאָ.

הערמאַן איז פאַרכאַפּט געוואָרען פון דער גרויסער מעננע, וואָס האָט זיך געצויגען הין און צוריק. ער האָט פעסט געהאַלטען רעבעקע׳ן, ווי ער וואָלט מורא געהאַט זי צו פאַרלירען אין געדרענג.

— שוין אַ יאָהר, אַז מיר זיינען דאָ ניט געווען! — האָט ער ענדליך ווי אויסגעזיפצט.

רעבעקע האָט ניט איינגעשטימט.

נאָך איהר חשבון איז אויסגעקומען, אַז זעקס מאָנאַט צוריק זיינען זיי דאָ געווען.

— האָט זיך מיר, הייסט עס, אַזוי געצויגען די צייט! —

האט זיך הערמאן פאר'חדוש'ט, און נאך א קורצער פויזע האט ער זיך צושמייכעלט. — געדענקסט רעבעקע, די ערשטע צייט אויף בראדוויי.

— יעס... — האט רעבעקע געענטפערט און האט זיך פעס־טער צוגעדריקט צו הערמאנ'ען און אנטשוויגען געווארען. באלד אבער איז זי ווי אן אנדערע געווארען, און האט זיך אנגערופען מיט א פיעסטשענדיגער שטים:

— הערמאן, גיט מיר היינט א גוד־טאים! זאל דאכטען, אז מיר האבען נאך קיין חתונה ניט געהאט.

הערמאן איז פון דער פאדערונג אויפגעלעבט געווארען.

— זיכער, רעבעקע, זיכער... קריגסט היינט א גוד־טאים! פארקעהרט, דוקא ווייל מיר האבען חתונה געהאט.

— ווייל איך טאקע ניט... — האט רעבעקע רעוואלטירט. — מיר האבען ניט חתונה געהאט. איך האב דיך ליעב און דו האסט מיך ליעב, און מיר זאגען עס ניט אוים איינע די אנדערע.

— וואס הייסט מיר זאגען עס ניט אוים! — האט הערמאן אויסגעגלאצט די אויגען. — מיר ווייסען עס דאך...

— דו ווייסט נאך גארנישט! — האט רעבעקע בייזליך גע־ענטפערט. — עס איז זעהר מעגליך, אז איך האב דיך ניט ליעב... דו גיב מיר א גוד־טאים, וועל איך זעהן...

זי האט געמאכט אזא ערנסטע מינע, אז הערמאן האט זיך דערשראקען.

— רעבעקע, וואס רעדסטו? דו ווייסט ניט צי האסטו מיך ליעב?... נו, גיב מיר א קוק אין די אויגען.

— נו, מאך זיך ניט נאריש אין מיטען בראדוויי, מענשען קו־קען שוין אויף אונז... געה קויף צוויי טיקעטס אין ווינטער־גאר־דען.

— זיכער! — איז הערמאן געווארען גרייט צו ערפילען איהר באפעהל. — קום אריבער אויף דער אנדערער זייט.

ער האט זיך דערפיהלט, ווי מיט צוויי יאהר צוריק, ווען ער

האט זיך מיט רעבעקע'ן נאר וואס דערקענט און נאכגעגעבען איהר אלע קאפריזען.

צוקומענדיג צו דער קאסע האט זיך ארויסגעוויזען, אז אלע טיקעטס זיינען פון ארקעסטער און באלקאני שוין פארקויפט. עס זיינען נאר געבליבען אין באקס דריי־דאלערדיגע... פאר א ווייב וואלט ער זיך ניט געשעהמט און געזאגט, אז עס איז צו טייער, אבער ווי באלד אז רעבעקע האט איהם געזאגט, אז זי צווייפעלט צי זי ליעבט איהם, איז זעקס דאלער קיין געלד נישט, ווי אמאל. ער האט באצאהלט. ער איז צו איהר צוגעגאנגען צום ווינקעל, וואו זי האט אויף איהם געווארט אין דער צייט, ווען ער האט די טיקעטס געקויפט, און האט איהר געמאלדען.

— זעקס דאלאר באצאהלט!

— נו, בין איך דען ניט ווערט! — האט זי אויף איהם טראציג אויסגעשטעלט די גרויסע, שווארצע אויגען.

— זיכער האט ער פייערליך אויסגערופען. און לאזענדיג זיך מיט איהר אינוועניג אין טעאטער, האט ער אויפ'ן וועג איהר אין אויער אריינגעשושקעט:

— אבער האסט מיך ליעב?...

זי האט זיך געהאלטען פעסט:

— מיר וועלען זעהן נאך דער פארשטעלונג.

די פארשטעלונג האט רעבעקע'ן שטארק אמוזירט. זי האט הערציך געלאכט פון יעדען אונשולדיגען וויץ, וואס דער „דזשאוק־מייקער" האט דערצעהלט פון דער ביהנע. הערמאן האט איהר צוליעב געטהאן און מיטגעלאכט, ריהמענדיג דעם קאמיקער:

— א גרויסער ארטיסט!

ארויסגעהענדיג פון דער פארשטעלונג האט הערמאן זי גע־נומען אונטער'ן ארעם, אריינגעקוקט איהר אין די אויגען און גע־פרעגט:

— איצט אהיים?

— אהיים... הם... — האט רעבעקע זיך געקווינקעלט... —

אזוי פריה!... מאַן און ווייב געהען גלייך נאָך דער פאַרשטעלונג אהיים. זיינען מיר דען מאַן און ווייב?...

— איך מיין, אַז יאָ... — האָט הערמאַן געשמייכעלט.

— מיט וואָס ביזטו עס אַזוי זיכער, מיט'ן רינגעלע?... איבּ־ריגענס האָב איהם דאַכט זיך פאַרלוירען.

— געה, געה, דו שרעקסט מיך! — האָט ער זיך גע'ברוגז'ט.

— וואָס שרעק איך דיך! — האָט רעבעקע זיך געמאַכט ערנסט. — דוקא אַ ווייב! אַ געליעבטע ווילסטו ניט?...

— האָסטו מיך יאָ ליעב? — האָט ער זיך אָנגעכאַפּט.

— אַ ביסעלע! — האָט זי געשמייכעלט.

— נו, אויב אַ ביסעלע, וועט שוין ווערען גוט, — האָט הער־מאַן צוריק געשמייכעלט. — איצט וועלען מיר, ווי אַמאָל, אריינ־געהן אין אַ קאַבּאַרעט... געדענקסטו, דו פלעגסט ניט וועלען...

— איך וויל איצט אויך ניט... — האָט זיך רעבעקע אָנגע־ברוגז'ט. — איך בין אַ אָנשטענדיגע מיידעל... איך געה ניט אין קאַבּאַרעטס...

— מיט אַן אָנשטענדיגען יונגען מאַן מעגסטו געהן, — האָט הערמאַן פאַרטגעזעצט די שפּיעל.

— אָבער געדענק, דו זאָלסט מיך ניט צווינגען טרינקען קיין וויין.

— חלילה! — האָט ער זיך אָנגעכאַפּט — ווען האָב איך דיר געצוואונגען?

— איך וויים ניט, איך קען נאָך אייך ניט...

— אייך?... — האָט זיך הערמאַן אָנגעצונדען.

רעבעקאַ איז אָבער אַלץ מעהר אריין אין איהר ראָלע פון אַ מיידעל, וואָס געהט דאָס ערשטע מאָל אויס מיט איהר געליעבטען און זי האָט איהר שפּיעל פאָרטגעזעצט.

— געוויס, וואָס מיינט איהר דען? גלייך אויף דו?... מיר זיינען נאָך ניט אַזוי נאָהענט...

הערמאַן האָט איהר געוואָלט דערמאָנען, אַז עס איז שוין אַ

יאהר נאך זייער חתונה. ענדליך אבער איז ער אליין אריינגעצויגען געוואָרען אין שפּיעל און האָט געענטפערט:

— פריילין רעבעקע, איך פאַרשטעה אייך גוט און ווייס ווי אזוי אייך צו באַהאַנדלען...

אין קאַבאַרעט האָט הערמאַן זיך געוואָלט זעצען אין דער מיט. רעבעקע אָבער האָט איהם געפיהרט ווייטער.

— איך וויל דאָ ביים וואַנד, ביים קליינעם טישעל, וואו עס זיצען די פאַרליעבטע פּאָרלאַך.

זיי האָבען זיך אוועקגעזעצט ביי אַ קליין טישעל איינע קעגען די אנדערע. עס איז צוגעקומען אַ קעלנער. הערמאַן האָט באַשטעלט פאַר זיך ביער.

— און פאַר אייך, יאַנגליידי?

רעבעקע האָט דערפיהלט, אז אויך דער קעלנער נעהמט זי ניט אָן פאַר הערמאַנ'ס ווייב, נאָר פאַר אַ געליעבטע... דאָס האָט זי געפרעהט. זי האָט אויסגעזוונגען:

— גלעס לעמאָנייד!

— לעמאָנייד קלאַרעט! — האָט הערמאַן פאַרריכט, ער האָט געוואָלט כאָטש אַ ביסעל זי באַרוישען.

רעבעקע איז איינגעגאַנגען.

פערקעהרט, זי וואָלט איצט געטרונקען ווייז, און אַ סך, פאַרשכור'ן זיך און פאַרגעסען זיך און דערמאָנען זיך. אָט איז זי פאַרליעבט אין הערמאַנ'ען. האָט ער זי ליעב? זי ווייס ניט, דאַכט זיך, אַז יאָ, און אפשר מיינט ער גאָר זי אָפּצונאַרען... ניין, דאָס ניט... זי ווייס ווי אזוי צו פיהרען זיך...

— הערמאַן, איך וויל וויין!

הערמאַן האָט העפליך געענטפערט:

— איך האָב מורא, דו וועסט שכור ווערען.

— פאַרוואָס האָסטו אַמאָל קיין מורא ניט געהאַט? האַ?

— איך האָב קיינמאָל דיר קיין סך וויין ניט געגעבען. פלעגסט זיין פרעהליך אָהן וויין!

זי האָט איהם אַ גלעט געטהאָן איבער'ן האַנד.

אַן אָנגעגנעהמער ציטער איז איהם דורכגעלאָפען איבער'ן לייב.

— רעבעקע, האָסט מיך ליעב?

— יאָ... — האָט זי געהיימניספול געפליסטערט. — און דו מיך?

— אָ, זעהר!

— וועסטו מיך אָפפיהרען אַהיים, אַזוי ווי אַמאָל, אויף אַן אויטאָמאָביל, ניט שלעפען זיך מיט דער דושנער סאָבוויי...

— אָ, געוויס מיט אַן אויטאָמאָביל.

— זעהסטו! — האָט זי קאָקעטיש אויסגעזונגען, — אַ געליעבטע אויף אַן אויטאָמאָביל און אַ ווייב אין סאָבוויי... ווייסט, עס איז אַן עולה פון דיר...

און זי האָט זיך גליקליך צולאַכט.

# דער קדוש...

חיים ליעבמאַן האָט דאָס אידישע פאָלק ליעב געהאַט ווי דאָס לעבען; צו ראַטעווען דאָס אידישע פאָלק איז איהם ניט געווען שווער צו צאָהלען אַלע יאָהר אַ שקל צו דער ציוניסטישער אגודה. פאַר דאָס אידישע פאָלק וואָלטער געלאָפען אין פייער און געשפרונ־גען אין וואַסער.

אָבער אין דעם פרייען לאַנדאָן האָט חיים ליעבמאַן געהאַט אַ שוואַכקייט צו די ענגלענדער. געזוכט האָט ער שטענדיג אַ דירה ווייטער פון דער אידישער געטאָ. ערקלערט האָט ער דאָס דערמיט, וואָס ער וויל זיך פּראַקטיצירען אין דער ענגלישער שפּראַך, כדי ער זאָל קענען לייענען שעקספּיער'ען אין אָריגינאַל, און ניט אין הער־מאַלין'ס איבערזעצונג... און אַט צוליעב שעקספּיער'ען האָט ער זיך דערווייטערט פון זיינע „ווייטשעפּלער" ברידער און געמיטעט צוויי רומס מיט אַ קיך ביי ענגלישע לייט אין „וועסט ענד"...

אַלע זיינע פריינד פון ווייטשעפּעל, וואוהין ער פלעגט קומען אַלע טאָג, פלעגט ער דערצעהלען מיט אַ גלאַנץ אין די אויגען, וואָס פאַר אַ דזשענטעללייט עס זיינען די אַרומיגע שכנים, ווי אַזוי זיי זיינען איהם מוחל זיין שלעכטען ענגליש און נעהנטערע שכנים פאַר־ריכטען איהם זיינע גרייזען.

ניט דערצעהלט האָט ער בלויז פון דעם, ווי אַזוי די רומס צו געפינען איז איהם שווער אָנגעקומען... דעם סוד האָט ער גע־טראָגען טיעף אין האַרצען און דערמאָנענדיג זיך אָן דעם, פלעגט איהם דאָס פּנים ברענען פאַר שאַנד:

האָט ער ניט אַ מאָל פאַררעטהען דאָס אידישע פאָלק? גע־בליבען איז ער אפילו דערזעלבער טרייער איד, ווי געווען, אָבער פאַר די ענגלענדער, די שכנים זיינע, גילט ער אַלס דייטש...

און וואס האט ער נעבאך געזאלט טהאן, אז וואו ער האט זיך געמאלדען אלס איד, האט מען איהם ניט געוואלט פארדינגען קיין רומס.

די ענגלענדער האבען ליעב דעם תנ"ך ווי דאס לעבען, אבער די אידען און דער תנ"ך זיינען צוויי באזונדערע זאכען, און חיים ליעבמאן האט זיך געמוזט אנגעבען פאר א דייטש.

און אלס אזעלכער האט ער געגאלטען אין דער רוהיגער קליי-נער סטריט, וואו ער האט געוואוינט:

— „טהי־דזשוירמען!..."

צום גליק האט ער געהאט בלויע אויגען און בלאנדע האר, און קיינער האט ניט געקענט צווייפלען אין די ריכטיגקייט פון זיין דייטששענטום.

ארויסגעגעבען האט איהם שיער א מאל זיין יונג ווייבעל, וועלכע פלעגט דאס עסענווארג איינקויפען אין ווייטשעפעל; אין קוישעל האט מען ביי איהר אמאל באמערקט א געזאלצען הערינג...

די שכנות האבען זיך פארוואונדערט.

— אר יו דזשואיש? — האט איהר איינע מיט חשד אנגע-קוקט...

און מיסעס ליעבמאן האט געלייקענט שטיין אוןביין און איהר איז קוים געלונגען צו געפינען א תירוץ, ווי אזוי עס קומט אין איהר קוישעל די דאזיגע טריפה'נע אידישע סחורה...

און זייט דאמאלס האט ניט געטארט ביי ליעבמאנ'ען אין די רומס געדאכט ווערען קיין געזאלצענער הערינג...

א שטיקעל הערינג יא, אבער די געריוכערטע, וועלכע עס עסען אויך די ענגלענדער. אבער פון דעם דאזיגען מין האט ליעב-מאן קיין הנאה ניט געהאט. א הערינג האט ער ליעב געהאט דוקא ערשט פון פאס, א געזאלצענע און טאקע מיט א ציבעלע.

נאר געה טהו עפעס, אז מען איז א דייטש, און הערינג איז שטרענג פארבאטען...

האט אויסגעבראכען די מלחמה אין אייראפא און דייטשלאנד האט ערקלעהרט קריעג ענגלאנד, — האבען זיך די שכנים פון דער

רוהיגער סטריט אין וועסט ענד, וואו ליעבמאַן האָט קוים צוויי רומס געקריגען, געכאַפּט, אַז אַט דער בלאָנדער יונגערמאַן איז אַ דייטש...

קוקט מען אויף איהם קרום...

ליעבמאַן אַבער מערקט עס ניט. ס׳הייסט, אַז ער פיהלט, אַז עפּעס איז דאָ ניט גלאַט און אַז ער איז פאַרמישט אין דער דאָזיגער איראָפּעאישער צרה... אַבער וואָס איז ער שולדיג?... ער איז דאָך נאָר אַ דייטש צוליעב די צוויי רומס אין ענגלישען געגענד... מעהר ווי צוויי רומס ברויך ער ניט; ער וויל ניט אַבנעהמען ניט ליעדז און ניט בריסעל און אפילו פּאַריז וויל ער אויך ניט...

אַבער די שכנים דאַכט זיך, אַז דער דאָזיגער דייטש האָט געוואָרפען אַן אויג אויף דער גאַנצער וועלט און אויף ענגלאַנד אויך...

און ער טענה׳ט פאַר אַלע זיינע שכנים, אַז ער איז קיינמאָל קיין דייטש ניט געוועזן. ער איז אַן אָרימער איד פון רוסיש־פּוילען.

ווערט די זאַך נאָך פאַרדעכטיגער: וועלכער מענש גיט עס אַן אַ פאַלשע נאַציאָנאַליטעט?... ווייזט ער זיין לענדלאָרד זיינע פּייפּערס: אַ איד מבטן ומהריון... און צו באַשטעטיגען זיין אידישקייט, טראָגט זיין ווייבעל פראַנק און פריי הערינג מיט ציבעלעס פון ווייטשעפּעל און זאָלען די ענגלישע שכנות זעהן באַשיינפּערלאַך, אַז זיי זיינען אידען... רוסיש־פּוילישע אידען...

העלפט ניט קיין חכמות... האָסט אַליין געזאָגט, אַז דו ביזט אַ דייטש.

און ליעבמאַן מוז מופען...

מופען איז מופען, אַבער ערב־מופען איז מען איהם מכבד מיט אַ קליין פּאָגראָמעל.

ממה־נפשך: ביזטו אַ דייטש ביזטו דאָך אודאי איצט ווערט אַ פּאָגראָם; ביזטו אַ איד, — דאַרפסטו דאָך פון פּאָגראָם ניט נתפּעל ווערען...

בפרט אַז דער פּאָגראָם איז געוועזען נאָר צום חוזק. סדר־הכל

האָט מען איהם צובראָכען אַ שיסעל און איהם אַליין געטראָפּען מיט קליין שטענדעל אין פּלייצע...

אין פּאַגראָמען זיינען די ענגלענדער אָפּנים ניט קיין גרויסע בריות...

* * *

און ליעבמאַן וואוינט איצט אין ווייטשעפּעל, עסט הערינג מיט ציבעלעס און דערצעהלט איצט אין פריידען זיינע „ברידער“ פון די עפּליכע טעג שרעק, וואָס ער האָט געהאַט צווישען די ענג־לענדער אַלס דייטש און זיינע ברידער קוקען אויף איהם ווי אויף אַ קדוש...

אַ קלייניגקייט — אין אַזוינע טעג איז ער געווען אין ענגלאַנד אַ דייטש!

עלטערע אידען פון ווייטשעפּעל הייסען איהם בענשען גומל, און די אינגערע, די ראַדיקאַלען, שלעפּען איהם אין דער אידישער ראַדיקאַלער צייטונג צו לאָזען זיך אינטערוויוען...

# דער פערוואַנדעלטער טעאַטער

פונקט ווי מען באַמערקט ניט אויפ'ן זייגער, ווי אַזוי די ווייזער רוקען זיך איבער פון איין אָרט אויפ'ן צווייטען, אַזוי איז געווען אוממעגליך צו באַמערקען, ווי די גוי'אישע גאַס האָט זיך ביסלאַכווייז, ביסלאַכווייז פאַרוואַנדעלט אין אַ אידישע. געהסט אַרוים פריהמאָרגען און דו דערזעהסט פּלוצלונג אַ סטאָר פון וואורשט און אין פענסטער איז אויסגעקריצט דער באַקאַנטער „כשר"; און אַט כאַפּסטו זיך, אַז דער סאַלון, וואָס איז געשטאַנען אין קאָרנער, איז פאַרשוואונדען. אַנשטאַט די צוויי באַקאַנטע האַלבע טירלאַך, מיט'ן כלומר'שטען „מגן-דוד", דער צייכען פון אַן אַמעריקאַנער סאַלון, — גאַנצע פעסט-פאַרמאַכטע טירען, און דורך דער פענסטער שיינען אַרוים, אַנשטאַט די פריהערדיגע פלעשעלאַך מיט פאַרשיידענע געטראַנקען — מיידעלשע מאַנטלען און דרעסעס... פון סאַלון, הייסט עס, איז געוואָרען אַ שניידער־ווערקשטאַט. פאַלגליך, וואוינט דאַ אַ איד, ווייל פון גוי'אישע שניידער דערצעהלט ניט די געשיכטע.

אין אַ צייט שפּעטער, שפּאַצירסטו זיך פריהמאָרגענס דורך די גאַס און פאַרקירעוועסט זיך עטוואָס ווייטער; דערהערסטו עפּעס אַ באַקאַנטעס מורמלען, דאָס מורמלען ווערט העכער, נעהענטער; דו קומסט צו צו אַ געביידע, קוקסט זיך איין אינווענינ, ערשט עס איז אַ שוהל און אידען שטעהען דאָרט און דאַוונען. דערמאַנסטו זיך, אַז עס איז שבת אויף דער וועלט און דו פאַרשעמסט זיך עפּעס פאַר זיך אַליין...

פאַרנאַכט ווערט דיר אומעטיג, דערמאַנסטו זיך אַן דעם שטילען ווינקעל, וואו עס שטעהט אַ טעמפּעל פון קונסט. אַן אַלטער, אָבער שעהנער טעאַטער, וואו מען פיהרט אויף איין אַקטערס, וואו

מען זינגט אלטע ענגלישע לידער, וואו מען טאנצט אלטע פורי־טאנישע טענץ און וואו א ווילינג דערצעהלט מעשיות פון איר־לאנד...

לאזסטו זיך אוועק צו דעם דאזיגען קליינעם טעמפעל און האסט בדעה צו פארשווענדען א דאלאר פאר א פלאץ און א צוויי שטונדען צייט.

אבער, אז דו קומסט צו נעהנטער, זעהסטו, ווי ארום דאס טע־אטער הערשט א טויטע שטילקייט. דו געהסט אריין אינוועניג — די קאסע איז פארמאכט. דו כאפסט ארויס דעם זייגער פון טאש, אפשר איז נאך צו פריה; ניין, עס איז שוין אכט א זייגער. די שפיעל פלעגט זיך אנהויבען א פערטעל נאך אכט. אלע מאל אין דער צייט האט שוין געראושט מיט באזוכער, מיט לידים און דזשענטעללייט... קוקסט אויף די ווענט, זוכסט די פארטרעטען פון די באליעבטע אקטיארען, זינגער און טענצער — לעדיגע ווענט...

הייסט עס, אז דאס טעאטער איז צוגעמאכט. פארוואס? ווי אזוי?... — זוכסט אויף די ווענט הינטער'ן טעאטער עפעס א גע־שריפט, וואס זאל דיר דערצעהלען די אורזאכע פון דער שליסונג פון טעאטער: אפשר שוין נאך סיזאן; אפשר האט די פאליציי פארמאכט דאס טעאטער פאר א צו־פרייען טאנץ; אבער דאס איז אוממעגליך: די טענץ, וואס זיינען דא פארגעקומען, זיינען גע־ווען אין דעם פוריטאנישען גייסט.

און דו געהסט ארויס מיט א געקלעמט הארץ, און באדויערסט דאס פארשוואונדענע, ערשט, דו דערזעהסט ערגעץ ביי דער זייט אן אויפשריפט, אז דאס טעאטער וועט זיך ווידער עפענען נעקסטען מאנאט, און דא וועלען געוויזען ווערען די שעהנסטע פאטא־ביל־דער, און אונטען חתמ'עט זיך: הערדי קאנטאראוויץ.

און דו טרייסט זיך: נאך נים אין גאנצען די קונסט אפ־געשטארבען; עס זיינען פאראן זעהר שעהנע פאטא־בילדער. דערמאנסט זיך אן דער שעהנער מערי פיקפארד, אן דער ליעבענס־ווירדיגער ליליאן גיש, אן די אלע הומאריסטען, וואס באשיינען די לייוונט, און דוווארטסט מיט אומגעדולד אויף דער ערעפנונג...

* * *

די ענטוישונג קומט, ווען דו כאפסט זיך, קומענדיג אין א צייט ארום אין טעאטער, אז דער הערדי קאנטאראוויץ איז א איד, פון דער אומעטיגער ליטא... בעפאר דאס טעאטער איז פריי געווארען, האט ער געהאלטען א לאונדרי אין דער דרייצעהנטער סטריט. די לאונדרי האלט איצט זיינער אן אידעם, און ער „לייטעט" דעם דאזיגען טעאטער.

האבענדיג א נייגונג אנצוגעהן מיט ארבייט פאמעלאך, ניט געאיילט, האט ער דעם „אפרייטאר" אנגעזאגט, אז ער זאל ניט יאגען זיך. ערקלעהרט האט ער עס דערמיט, וואס די באזוכער זיינען האלב גרינע און לעזען ענגליש שווער, און דערפאר זאל דער אפרייטאר אזוי גוט זיין און ניט אוועקכאפען גלייך דעם אויפשריפט. אז אויפשריפט וואס האלט פינף ציילען, זאל ער האלטען אויף'ן לייוועגט ניט ווייניגער ווי פינף מינוט... לענגער ארט איהם ניט. אויב עס מאכט זיך, אז אן אויפשריפט האט בלויז אייןווארט, ווי למשל „נאיט", „לעיטער", זאל ער זיך אויך ניט שטארק יאגען, ווייל קיין סך בילדער גרייט הערר קאנטאראוויץ ניט אן. ער האט פאר א נאכט צוויי שטיק: איין שטיק צום וויינען און די צווייטע צום לאכען. דאס פובליקום אבער איז זיך אמאל טועה און לאכט ביי דער ערשטער און וויינט ביי דער צווייטער; דאמאלס געהט ער אליין צו צו אן עלטערע אידענע און ערקלעהרט איהר:

— עס איז, מיסעס, ניט צום לאכען...

אדער פארקערט:

— דא, מיסעס, מוז מען וויינען...

אן אנדער אידענע, וואס איז נאך ניט בעהאוועגט אין „מופענפיקטשורס", ווייל זי איז א פארנומענע מיט א סך ארבייט, און כאפט זיך אריין, ווי זי אליין דריקט זיך אויס, אין טעאטער איין מאל אין יאהר — אזא אידענע ענטפערט:

— פרעגט מיך עפעס גרינגערס... איך זעה, אז דער אקטיאר

קרימט זיך, לאך איך... אז די מעשה, ברוך־השם, פארשטעה איך דאך ניט...

אמאל איז דאס פובליקום, איבערהויפט די יוגענד, וואס אר־בייט ארום בראדוויי און ווייסט שוין, וואס א וועלט איז, ניט צו־פרידען וואס מען ווייזט זיי דא צו לאנגווייליגע שטיק. זיי ווילען ליעבע און אינטריגעס... הערדי קאנטאראוויץ איז אבער געגען דעם... ער ווייזט זיי זאכען פון באלעבאטישען לעבען און פון א היימען סארט מאראל; ער באשטעלט עקסטרא אזעלכע זאכען... איבערהויפט גלייכט ער ניט די לעצטע זאכען. די אמאליגע ביל־דער, זאגט ער, זיינען שעהנער און אנשטענדיגער...

אמאל, אז ער איז בעסער געשטימט, ווען ער הערט, אז די לאונדרי אויף דער דריצעהנטער סטריט געהט גוט, און דער איי־דעם באהאנדעלט גוט זיין טאכטער, נעהמט ער אראפ די האנט פון הארצען און באשטעלט א נייע בילד, וואס איז רעפראדוצירט געווארען ערשט מיט פינף יאהר צוריק אין איטאליען. ער אליין האלט פון די דארטיגע בילדער בכלל מעהר ווי פון די היגע... וויל די פערזאנען, די מענער, זיינען דארטען דאס רוב אין בערד; ווער רעדט וואנצעס, טראגען זיי אלע... עס איז לייטישער... אויך די פרויען אויף יענע בילדער געהען ניט אזוי אויסגעבלויזט ווי די היגע...

אמאל ווייזט ער אויך זיין פובליקום די נייעס פון דער וועלט. אויף זיינע נייעסטע בילדער איז נאך אויף דער וועלט שלום ושלוה... און דאס פובליקום, כאטש עס פיהלט, אז דאס זיינען זעהר פארלע־געגע נייעס, איז אין הארצען צופרידען, ווי עס וואלט אבגענומען א גרוס פון יענער צייט, ווען עס איז אזוי גוט געווען צו לעבען... פאר די אלטע נייעס זיינען זיי איהם זייער באמת דאנקבאר, און אפילו די יונגע באיעס, וואס ארבייטען ארום בראדוויי, זיינען אויך צו־פרידען; זיי רייסען זיך איין, אז די נייעס פאסירען טאקע יעצט; איז דאך גאר ניטא וואס צו שרעקען זיך...

די פרייזען העכערט הערדי קאנטאראוויץ לויט דעם יקרות אין לאנד. די פרייזען זיינען בכלל ווי פאלגט: מאטינע, פאר קליין

און גרויס, אונטער און אויבען — פינף סענט; אוועגד: אונטען 10, אויבען פינף סענט; קינדער ביז 12 יאהר, סיי אונטען, סיי אויבען — פינף סענט; נאך 12 יאהר: אונטען 10 סענט און אויבען פינף...

איצט, אז ער דארף צאהלען „וואר־טעקסעס, האט ער געמאכט דעם פרייז 13 סענט און וואר־טעקסעס צוויי סענט — צוזאמען פופצעהן. הייסט עס, אז צו דער מלחמה דערלעגט ער ניט...

* * *

ארויסגעהענדיג פון דעם דאזיגען טעאטער, פיהלסטו, ווי עמיצער האט ביי דיר ארויסגענומען דאס הארץ און די געהירען. געהסט פארביי דעם קארנער, וואו עס איז אמאל געשטאנען דער סאלון, און טראכטסט:

— א שאד; נאך אזא פוסטקייט וואלט גוט געווען א גלעזעל ביער אויסטרינקען.

און דו שטעלסט זיך אנידער ביים פענסטער, און עס ווינקט דיר קאקעטיש אן עכט־מאדנע דרעס ארויס, ווי עס וואלט דיר געטרייסט:

— עס זיינען דא אויף דער וועלט שעהנערע זאכען... זארג ניט, מענש...

# ערפאָלג

בענדעט איז א הויכער, פעסט געבויטער מאַן און דערפאַר איז ער אים שטאַנד צו טראָגען אויף זיך דאָס שווערע פּראָגראַם פון דער פּאַרטיי, פון וועלכער ער איז א פיהרער. דאָס פּראָגראַם פון זיין פּאַרטיי איז איינע פון די פאַרפלאָנטערסטע, ווי עס קען נאָר זיין פאַרפלאָנטערט א פּראָגראַם וואָס דאַרף פּאַראַייניגען סאָציאַליזם מיט קליין-בירגערליי און די אינטערעסען פון די טערקישע אידען מיט די אינטערעסען פון די אידען אין אביסיניען... בענדעט מוז די אַלע ווידערשפּרוכען אויסגלעטען, מאַכען לאָגיש, און טאָמער קומט איינער פון דער געגנער-פּאַרטיי און שטעלט אויף א מיטינג א הארבע קשיא, גיט בענדעט א שושקע אין אויער אריין דעם טשערמאַן, אַז עס איז שוין צו שפּעט און דער האַלקיפּער הייסט שוין אויסלעשען די לאָמפּען, און ווי נאָר די לאָמפּען ווערען אויסגעלאָשען, ווערט גלייך ליכטיג אין די קעפּ פון בענדעט׳ס אַנהענגער און אויף מאָרגען קומט א באַריכט אין דער צייטונג, וואו בענדעט איז אויך א שטיקעל מיטאַרבייטער, אַז דער מיטינג איז דורכגעגאַנגען אין דער בעסטער אָרדנונג און די אָבסטרוקציע וואָס די שונאי ישראל האָבען געוואָלט מאַכען איז ניט געלונגען, ווייל דאָס פאָלק איז געווען מיט בענדעט׳ן, וועלכען מען האָט אַפּלאָדירט צעהן מינוטען אויפ׳ן זייגער און ווען דער טשערמאַן וואָלט ניט געפּאַכעט מיט זיין בלוי טיכעל, מען זאָל שוין אויפהערען, וואָלט דאָס פאָלק אַפּלאָדירט געוויס נאָך צעהן מינוט.

נאָך אַזאַ באַריכט, אַז בענדעט קומט אריין אין רעסטאָראַנט, וואו עס זיצען די כלל-טהוער און די פיהרער און אַנדערע כלי-קודש, זעצט ער זיך אוועק ביי א לעדיגען טישעל, אָבער לאַנג אַליין זיצט ער ניט; באַלד קומט צו זיין טישעל „מאַניע“, דער פּראַקטיקער

פון דער פּאַרטיי. דאָס איז אַ יונג, וואָס רעדט ניט נאָר מיט'ן מויל, נאָר אויך מיט די הענט און אויב דער ענין איז זעהרר אַ וויכטי־גער — אויך מיט די פיס... בענדעט האָט דעם דאָזיגען „מאַניע'ן" ניט באַזונדערס ליעב, אָבער אַן דעם דאָזיגען מאַניע'ן הענגט אָפּ טיילווייז בענדעט'ס ערפאָלג. מאַניע איז דער ערשטער צו אַפּלאָ־דירען בענדעט'ן, ווען דער לעצטער טרעט אויף ביי אַ מיטינג, און ווען מען דאַרף אויסלעשען די לאָמפּען ביי אַן אָבסטרוקציע פון דער געגנער־פּאַרטיי, איז ער איינער אין זיין פאַך. און טאָמער קומט אַמאָל די פּאַרטיי אין באַגייסטערונג און מען דאַרף בענדעט'ן הויבען אין דער לופט, איז דער איינציגער גבר אין דער פּאַרטיי — מאַניע. מאַניע הויבט בענדעט'ן אויף און די איבעריגע, די פיזיש־שוואַכערע, האַלטען צו כלומר'שט פאַר די הענט און זיי שרייען: הידד, בענדעט!

וויבאַלד אַז ביים טישעל זיצט שוין בענדעט מיט מאַניע'ן, הייסט עס שוין אַן אינטערעסאַנט טישעל און די צוויי יונגע לייט וואָס זיינען פאַר אַכט יאָהרען געווען אין ארץ־ישראל רוקען זיך צו אויך צום טישעל. זיי באַגריסען בענדעט'ן אויף לשון־קודש און אויף אידיש, ווייל אין דער פּראָגראַם, וואו בענדעט איז דער פיהרער, זיינען די דאָזיגע צוויי לשונות גלייכבאַרעכטיגט. בענ־דעט ענטפערט זיי אויף אידיש און דער פּאָליטישער שמועס הויבט זיך אָן. עס איז אָבער דאָ נאָך דריי לעדיגע פּלעצער און באַלד ווערען זיי אויסגעפילט מיט דעם פילאָזאָפישען דאָקטאָר פוהר־מאַן, וועלכער איז אין האַרצען מיט בענדעט'ן ניט צופרידען, און האָפט אַמאָל פאַרנעהמען זיין פּלאַץ. בענדעט ווייס עס, און דער־פאַר באַגעהט ער זיך מיט'ן דאָזיגען דאָקטאָר זעהר העפליך... דעם צווייטען פרייען פּלאַץ פאַרנעהמט דער העברעאישער לעהרער, וועל־כער טראָגט זיך אַרום שטענדיג מיט אַ העפט „השלח" פון שנת תרנ"ז און מיט אַ העפט „שבלים", וואָס איז ערשינען אין ניו־יאָרק מיט זיבען יאָהר צוריק. בלייבט נאָך איין לעדיגער פּלאַץ. דעם דאָזיגען פּלאַץ פאַרנעמט דער הומאָריסט, וועלכער געהערט ניט צו קיין פּאַרטיי און מאַכט פון אַלץ אַ וויץ. צו דעם דאָזיגען הו־

מאריסט איז בענדעט זעהר גוט אויפגעלעגט, ציטערט פאר איהם ווי פאר אן אומגליק און האלט אין איין ריהמען זיינע זאכען, וועל־כע ער לעזט קיינמאל ניט...

— אי האט איהר געכטען געהאט א הומארעסקע!

— איהר מיינט אייערנעכטען — שמייכעלט דער הומאריסט.

— מעגליך אייערנעכטען, — דערשרעקט זיך בענדעט פאר זיין טעות... — יא, יא, טאקע אייערנעכטען — א בריליאנטענע הו־מארעסקע.

דעם הומאריסט ווערט אבער לאנגווייליג, ער הויבט זיך אויף פון ארט אויף וועלכען עס ווארט שוין דער פרעזידענט פון א גע־וויסער טשאריטי־סאסייעטי. דער דאזיגער פרעזידענט לעבט אפילו גוט מיט אלע פארטייען, אבער אזוי ווי בענדעט'ס פארטיי ווערט שטארקער פון טאג צו טאג, א דאנק די גרויסע צרות פון דעם אידישען פאלק, האלט דער דאזיגער פרעזידענט ניט פאר איבעריג צו זיצען א צעהן מינוט מיט'ן פיהרער, און אריינווארפען א פאר זיפצעלאך און גלייך נאכדעם א פאר גלייכווערטלאך מיט א דריי משלים וועגען דער איצטיגער לאגע און אלס א באלוינונג דערפאר נעמט ער ביי בענדעט'ן א סיגארעטעל...

פון די אלע גליקען וואלט בענדעט געוואלט עפעס נעהמען אין מויל אריין; ער נעהמט דעם „ביל־אפעיר" און זיין אויג פאלט אויף „יונג־היהנדעל", ער בארעכענט זיך אבער, אז עס פאסט ניט פאר איהם צו זיין אזוי פארשווענדעריש, ווען דאס פאלק ישראל איז אין א נויט און ער באשטעלט א „פאלקסטימליכען" טעלער בארשטש...

און ביים דאזיגען טעלער בארשטש ווערט ארומגערעדט די אידישע לאגע: א קאנגרעס מיט ארץ־ישראל צי אהן ארץ־ישראל... מאניע דערהערט אהן ארץ־ישראל, שטעלט ער זיך אויף און גיט א קלאפ איבער'ן טיש: ער וויל דוקא מיט ארץ־ישראל.

— געוויס מיט ארץ־ישראל! — בארוהיגט בענדעט דעם אויפגערעגטען מאניע'ן.

— און מיט נאציאנאלע רעכט! — שרייט העכער מאניע.

— דאס אווארע! — פארזיכערט בענדעט.

— און נישט אפלעגען — פאדערט מאניע — אין דער לאנגער באנק אריין! טאקע אין יאנואר... נישט שפעטער!...

— נאך אפשר פריהער!... — מורמעלט בענדעט.

— אט אזוי האב איך אייך ליעב, — קלאפט מאניע בענדעט'ן אין פלייצע. — איך וועל פאר אייך וואוטען... מיר וועלען אלע פאר אייך וואוטען!...

און אז מאניע זאגט צו, מעג מען זיך אויף איהם פארלאזען — ער איז דער דאמפף פון דער פארטיי־מאשין.

און בענדעט איז מיט זיין ערפאלג אויך זיכער אין דער צו־קונפט.

# דעם דיכטערס צימער

ראַזע און בערטע זיינען געווען צוויי חבר'טעס.

זייער אידעאַל פון אַ מאַן איז געוועזן אַ דיכטער. אין דער קורצער צייט, וואָס זיי זיינען דאָ אין ניו־יאָרק, האָבען זיי שוין געהאַט דאָס גליק צו זעהן פון ווייטען צוויי פון דעם דאָזיגען מין. איינער איז שוין געווען אַן עלטערער מענש, און, לויט זיי האָבען ערפאַהרען, איז ער שוין אַ באַווייבטער, האָט זעקס קינדערלאַך און וואוינט אין יאָנקערס. „געווים אין אַ ווילאַ — האָבען זיי באַשלאָסען. וואָס אַנבעלאַנגט דעם צווייטען דיכטער, האָבען זיי זיכער ניט געוואוסט, צי איז ער אַ בחור אָדער אַ באַווייבטער. געזעהן האָבען זיי די דאָזיגע דיכטער אויף קאָנצערטען, און נישט קענענדיג קויפען קיין טייערע טיקעטס, האָבען זיי פון נאָהענט די דיכטערס פנים'ער ניט געקענט זעהן, און פון דער ווייטען איז יעדער דיכטער געווען שעהן...

זיי האָבען אפילו געהאַט אַ חבר'טע, וואָס האָט פערזענליך געקענט אַ דיכטער. די דאָזיגע חבר'טע, אָבער, האָט מען ניט געקענט גלויבען. זי איז געווען באַקאַנט פאַר אַ באַריהמערין. אויסער דעם האָט זי שוין צוגעגעבען, אַז דער דיכטער, מיט וועלכען זי איז באַקאַנט, איז נאָך גאָר אַ יונגער, כמעט אַ אינגעל... געדרוקט האָט ער סך־הכל צוויי לידער, איז דאָס אויך אַ דאַנק דעם, וואָס זיין אָנקעל איז אַ שותף צום בלאַט... אָבער אויך דעם דאָזיגען דיכטער האָבען בערטע און ראַזע זייער בעקאַנטע מיידעל מקנא געווען און וואָלטען זיך גליקליך געשעצט, ווען זיי וואָלטען מיט איהם אויך בעקענט געוואָרען...

אָבער אויף אַזוי גליקען האָבען בערטע און ראַזע קיינמאָל ניט געהאָפט — זיי זיינען נאָך צו גרין!

זיי זיינען געווען צופריעדען, ווען אין די פרייע מינוטען, וואס זיי איז געבליבען נאך דער ארבייט, אדער אין די פרייע זונטאגען, האבען זיי ביידע צוזאמען געקענט לייענען די ווערק פון די דיכטער, און נאכ׳ן אפלייענען, ארומריידען דאס איבערגעלעזענע. ביידע גוטהערציגע און מילדע, האבען זיי שטענדיג געגעבען א „גוטע קריטיק" אויף אלץ וואס זיי האבען געלעזען און האבען אריינגע־לעגט אין די דיכטער׳ס ווערטער אזוינע כונות, פון וועלכע די דיכ־טער זיינען נאך געווען ווייטער, ווי די צוויי חבר׳טעס פון די דיכ־טער...

ווען זיי האבען געלעזען ווענען דעם, ווי א דיכטער קלאגט זיך, אז דאס ליכט אין זיין צימער איז טונקעל, האבען זיי עס פארשטאנען אין דעם זין, וואס די גאנצע וועלט איז פינסטער. דעם דיכטער׳ס צימער איז געוועזען ביי זיי די וועלט, און דאס ליכט מיינט ער אודאי די פרייהייט...

— ליכט, — האט ראזע ערקלערט בערטע׳ן, — מיינט ער די זון, דאס הייסט, די פרייהייט...

— און דאס צימער?... — האט בערטע זיך פארטיפט און געקוקט אויף ראזע׳ן.

— דאס צימער, — דאס איז אונזער גאנצע וועלט... א פינס־טערע וועלט...

און ביידע חבר׳טעס זיינען דאנקבאר געווארען דעם דיכטער, וואס ער האט אזוינע הויכע געדאנקען, און וואס אזוינע צוויי ארימע פארבענקטע און איינזאמע מיידלאך קענען זיך קוויקען מיט זיינע שעהנע ווערטער און הויכע געדאנקען.

איינמאל האבען ראזע און בערטע געמוזט מופען פון דעם „רום", וואו זיי האבען געוואוינט. די מיסעס איז זיי עפעס ניט געפעלען געווארען. שוין צו וואולגאר איז זי געווען פאר די צוויי איידעלע אידישע מיידלאך, וואס אויסער אידעאלען האט זיי גארניט אינטערעסירט.

בלאנזשענדיג אזוי אין אידישען געגענד אין בראנקס ביי א שטונדע צייט, האבען זיי זיך ענדליך אפגעשטעלט ביי א טענע־

מענט־הויז, וואו ביי'ן וואנט איז געווען צוגעקלאפט א צעטעל וועגן א מעבלירטען צימער אויפ'ן פיערטען שטאק.

— נישט צו הויך? — האט ראזע איבערגעפרעגט.

— פיערטער פלאר? — האט בערטע נאכגעדאכט — צו הויך טאקע. אבער אפשר וועט דער צימער אליין זיין א רעכטער.

און די צוויי חבר'טעס האבען זיך געלאזט געהן אויף די טרעפ.

זיי האבען זיך ענדליך אפגעשטעלט ביי דער געווינשטער טיר און האבען אנגעקלונגען.

די טיר האט זיך געעפענט און זיי האבען דערזעהן די באקאנטע פיגור פון אן אומבאקאנטער מיסעס.

— איהר האט א רום צו פארדינגען? — האט בערטע געפרעגט און האט נישט געוואגט אריבערצוטרעטען די שוועל.

— יעס, — האט די מיסעס געענטפערט.

— פאר צוויי... — האט ראזע נישט דרייסט צוגעלעגט...

— פון מיינעטוועגען קענט איהר אין בעטביידע שלאפען, — האט די מיסעס, זיי אלע ניט אריינלאזענדיג, טרוקען געשמייכעלט...

— ווילען מיר איהם אנקוקען, — האט ראזע זיך געווענדעט צו בערטע'ן, און זיינען אריין.

די מיסעס האט זיי דורכגעפיהרט א לענגליכען דונקעלען קארידאר און ענדליך שטעהן געבליבען ביי א צימער, וועמעס טיר עס איז געווען אפען.

— אט דאס איז דער רום.

די צוויי חבר'טעס האבען אינוועניג אריינגעקוקט. דאס איז געווען א קליין צימערעל מיט איין פענסטער, וועלכער האט ארויסגעקוקט צו א שמאלען הויף און א רויטע ציגעלדיגע וואנט האט טרויעריג און כמורנע צוריק אריינגעקוקט אין פענסטער. אין צימערל אליין איז געוועזען גארניט אויפגערוימט. דאס בעט ניט פארבעט, און דאס טישעל איז געווען פארלעגט אין אומארדנונג מיט ביכלאך, פאפירלאך, א פאר טינטערס און פעדערס. אין א

ווינקעל, ביים בעט, איז געלעגען א פארצוויפעלטער אלטער טשע־מאדאן פון אן אייראפעאישען אויסזעהן...

און נאך דעם אלעמען איז דאך דאס צימערל די צווי מיידלאך געפעלען געווארען.

— אויטנאיא קאמנאטקא! — האט ראזע איינגערוימט בער־טע'ן, כדי די מיסעס זאל ניט פארשטעהן די דאזיגע מעלה און נישט אויסבעטען א צו־טייערען פרייז.

די מיסעס האט אבער דוקא פארשטאנען רוסיש און האט געענטפערט שוין פריינדליכער:

— אטשען אויטנאיא, — ס'הייסט, זעהר געמיטליך.

— ווער וואוינט דא איצט?... — איז ראזע געווארען נייגיע־ריג.

— דא וואוינט א אידישער פאעט... — האט די מיסעס קאלט געענטפערט.

— א פאעט!!! — האט ראזע און נאך איהר בערטע אויס־גערופען איבערראשט, און האבען זיךביידע איבערגעקוקט.

— יא, — איז די מיסעס ניט נתפעל געווארען, — א פאעט...

— אין אזא צימערל? — האט ראזע אויסגעשטעלט די אוי־גען.

— עס איז ניט מעגליך... — האט בערטע מיט שרעק אויסגע־רופען.

— ער וואוינט דא שוין ביי א יאהר... — האט די מיסעס ווי אומצופרידען ארויסגעברומט.

— פאר וואס־זשע מופט ער?... — האט ראזע ווי מיט טרע־רען אין שטים געפארשט...

— עס איז פאר איהם צו טייער...

— וואס רעכענט איהר דען פאר'ן צימערל? — האט בערטע דערשראקען א פרעג געטהאן.

— די רום געהט ביי מיר אין אכט דאלאר... שוין מיט גאז און טיי אין דער פריה...

די צוויי חבר'טעס האבען זיך ווידער איבערגעקוקט און ראזע האט געפרעגט:

— נו? איז דאס אזוי טייער פאר איהם?

— געווים. — האט די מיסעס געזאגט. — וואס מיינט איהר, ער איז א גביר?...

די מיסעס האט א קרומען שמייכעל געטאן און צוגעגעבען:

— אויב איהר נעמט די רום, וועט אייך קאסטען דיזעלבע אכט דאלאר... שוין מיט טיי.

— און וואוהין מופט ער? — האט בערטע געפרעגט.

— וואס געהט עס מיך אן... ניו־יארק איז גרויס!

בערטע האט שוין געוואלט געבען האנטגעלט, אבער ראזע האט איהר אנגעטראטען אויפ'ן פוס און זיך אפגערופען:

— מיר וועלען אייך אין א שעה ארום זאגען ענטפער.

און א ציה טאענדיג בערטע'ן פאר'ן האנד זיינען זיי ביידע ארויס פונ'ם דיכטער'ס צימער...

אויפ'ן גאס האט ראזע זיך געווענדעט צו בערטע'ן:

— דו ווייסט פאר וואס איך האב דיר ניט געלאזען געבען איהר האנטגעלט? — ווייל זי איז א בלאפערין: ווי איז דאס מעגליך, אז אין אזא געוועהנליכען צימערל זאל וואוינען א דיכטער...

בערטע האט זיך פארטראכט און געענטפערט:

— ווער קען וויסען... איך בין צוטומעלט...

און ביידע חבר'טעס האבען זיך שטומערהייט געלאזט געהן און זיך אלע ווייל'ע איבערגעקוקט צו יענעם הויז, וואו דער דיכטער האט געוואוינט, און זיי האט זיך געדאכט, אז זיי האבען דארט איבערגעלאזען זייער אידעאל א פארשוועכטען...

# אוים פריינד

נאך פון קינדוויז אויף האט זינגער געהערט, אז א מענש מוז האבען פריינד. ער געדענקט, ווי זיין טאטע פלעגט אויפנעה־מען יעדערען, וואס פלעגט אריינקומען צו זיי אין הויז מיט א שיינענדען פנים, כאטש דער טאטע איז געווען בטבע א בייזער; צו די קינדער און אפילו צו דער מאמען פלעגט ער זעלטען ווייזען א פריינדליכע מינע. מיט א זייטיגען מענשען אבער פלעגט דער טאטע ווערען גאר אן אנדערער. און אז דער מענש פלעגט פון שטוב ארויסגעהן, פלעגט דער טאטע איהם באגלייטען ביז'ן פאר־הויז, אויפמאכען איהם די טיהר און אפט ארויסגעהן מיט'ן באזוכער אויפ'ן הויף. אז דער טאטע פלעגט אריינקומען צוריק, פלעגט ער צופען דאס בערדעל און צופרידען מורמלען:

— יא, ער איז מיינער א גוטער פריינד!...

אבער אז דער טאטע פלעגט אמאל האבען אן עת־צרה, פלעגט ער ווי צוטומעלט אומגעהן איבער'ן שטוב און איבערפרע־גען:

— צו וועמען זאל איך אריינגעהן?... זיי זיינען אלע ווי אויסגעשטארבען!...

און, אז די צרה פלעגט אריבערגעהן, פלעגט דער טאטע ווידער ווערען גוט אויפגעלעגט צו זיינע פריהערדיגע פריינד און פלעגט ווידער אנקוועלען פון יעדערען וואס פלעגט אריינקומען צו איהם אין הויז און פלעגט הייסען מכבד זיין מיט טיי און ער אליין פלעגט ארויסנעהמען די פושקע טאבאק מיט די פאפיראס־פאפיר און פאר־שלאגען צו מאכען א פאפיראס!

און נאכ'ן פריינד'ס ארויסגעהן, פלעגט דער טאטע זיך אמאל פארטראכטען און פלעגט ווי נאכדענקען:

— דאכט זיך, אז ער איז א פריינד?...

ערציהענדיג זיך אין דער דאזיגער אטמאספערע פון פריינד־שאפט האט זינגער, פארלאזענדיג צו פופצעהן יאהר זיין היים, און לעבענדיג שטענדיג צווישען פרעמדע, זיך אריינגענומען שטארק אין קאפ, אז א מענש מוז האבען פריינד.

און אזוי ארום האט זינגער אין פארלויף פון יאהרען זיך ערווארבען א גאנץ פיין פעקעל מיט פריינד.

מיט די דאזיגע פריינד איז ער געווען שטאלץ ווי מיט א רייכטום. זייענדיג א מענש ניט אהן בילדונג און ערווערבענדיג זיך שעהנע מאניערען, האבען זיך צווישען זיינע פריינד געצעהלט א פאר דאקטארען, א פאר אדוואקאטען, צוויי קליינע באנקירען, א מעצענאט און אנדערע וויכטיגע פערזענליכקייטען, וואס הלואי זאל מען זיי ניט דארפען, אבער ווען יא — קענען זיי עפעס טהאן!

געהאפט האט ער, אז די דאזיגע אלע פריינד וועט ער פריהער אדער שפעטער אויסנוצען. אוןווירקליך האט ער, גרינדענדיג אמאל א שותפות'דיגען געשעפט מיט א יונגענמאן, זיך געווענדעט גלייך צו זיין פריינד דעם אדוואקאט.

דער אדוואקאט האט איהם גאנץ פריינדליך אויסגעהערט, גע־ווארענט פאר אלערליי שווינדלען און איהם געהייסען קומען מיט'ן שותף און איבעררייידען זיך ווי געהעריג איז.

זינגער איז געווארען זעהר גריהרט פון זיין פריינד'ס גוטס־קייט און אויף מארגען איז ער געקומען מיט'ן שותף צום אדוואַ־קאט.

נאכדעם ווי דער פריינד, דער אדוואקאט, האט דאס „פאפיר" פארטיג געמאכט, האט זינגער זיך באטראכט, אז כאטש ער איז זיינער א פריינד, דער אדוואקאט הייסט עס, פונדעסטוועגען וויל ער איהם פרעגען וואס קאסט עס... אויב מען וויל אנהאלטען פריינדשאפט, איז בעסער מאקע צו באצאהלען.

דער אדוואקאט, אלס א פריינד פון זינגער'ן, האט די ארבייט זיינע ניט גערעכענט; ער האט בלויז פאררעכענט וואס איהם אליין וועט קאסטען די הוצאות דאס דורכפיהרען. זינגער איז גע־

ווען זעהר גליקליך. אָבער ווען ער האָט שפּעטער ערפאַהרען, אַז די הוצאות, וואָס דער פריינד זיינער האָט איהם אַריינגערעכענט, זיינען אַביסעל איבערטריבען, און אַז אַ פרעמדער אַדוואָקאַט וואָלט איהם געמאַכט די דאָזיגע אַרבייט פאַר אַ העלפט פּרייז, איז זינגער אויך ניט בייז געוואָרען. אין האַרצען האָט עס איהם אפילו פאַר־דראָסען, אָבער געהן צום אַדוואָקאַט און איבעררייידען עס, האָט ער ניט געוואָלט. עס לויהנט ניט צוליעב אַזאַ קלייניגקייט צו פאַר־לירען אַ פריינד...

דאָסזעלבע האָט ער געפיהלט, ווען ער איז געקומען צו זיין פריינד, דעם באַנקיער, דיסקאָנטירען אַ וועקסעל, וואָס איז געווען אויסגעשטעלט אויף דריי חדשים. געהאַפּט האָט ער, אַז דער דאָ־זיגער באַנקיר, וואָס איז זיינער אַ נאָהענטער פריינד, וועט איהם זיכער קיין פּראָצענט ניט רעכענען, אָבער נאָכדעם ווי ער האָט זינגער'ן מיט אַ פריינדליכען שמייכעל ערקלערט, אַז דאָס וועט „צוליעב איהם" קאָסטען דריי פּראָצענט און האָט איהם אַזוי אַרום אָפּגערעכענט שעהנע עטליכע רובעל, איז זינגער געבליבען אַנפאַנגס מבולבל. דאָך, כדי ניט צו פאַרלירען קיין פריינד, האָט ער צוריק פריינדליך געשמייכעלט צום קליינעם באַנקירעלע און האָט איהם האַרציליך געדאַנקט פאַר דער טובה...

און אַזוי איז אויך צוגעגאַנגען מיט'ן פריינד דעם דאָקטאָר, ווען זינגער איז געקומען צו איהם פרעגען וועגען מאַגען. גערעכענט האָט ער, אַז דער דאָקטאָר, מיט וועלכען ער איז שוין יאָהרען באַ־קאַנט, וועט געוויס ביי איהם קיין געלט ניט נעהמען. ער אָבער, זינ־גער, וועט זיך פּשוט שלאָגען מיט איהם ביז בלוט, אויב ער וועט זיך ענטזאָגען געלט צו נעהמען. צום גליק איז זינגער'ן זיך ניט אויסגע־קומען צו שלאָגען. פאַרקעהרט, זיין פריינד דער דאָקטאָר האָט צו־גענומען דאָס פּאַפּירעל, אַריינגערוקט אין טאַש ווי אַן עכטער קונ־צען־מאַכער, אַזוי, אַז זינגער האָט אפילו קיין שמייכעל ניט געגע־בען, ווי זיין שטייגער איז, ווען ער האָט צו טהאָן מיט פריינד.

אַרויסגעוויזען האָט זיך, אַז דער דאָזיגער דאָקטאָר איז דוקא ניט פון די בעסטע, זינגער'ס מאַגען האָט געדאַרפט צו האָבען גאָר

אז אנדער סארט דאקטאר, אבער ער האט באשלאסען, אז פריינד־שאפט איז העכער פונ׳ם מאגען און האט זיך געלאזט א שטיק צייט באהאנדלען פון דעם זעלבען דאקטאר, אבי ער זאל חלילה ניט פארלירען קיין פריינד...

* * *

ענדליך האט זינגער זיך געכאפט, אז ער איז שוין א מאן אין די יאהרען און אויסער פריינד האט ער זיך אין דער נארישער וועלט גארניט ערווארבען.

ער האט זיך ארומגעזעהן, אז זייט ער איז צו זיין „שכל" גע־קומען האט ער אייגענטליך ביי אלע פריינד קיין עכטע פריינדשאפט ניט געפונען. נעמענדיג גוט נאכפארשען, האט ער ערפאהרען, אז הינטער׳ן פלייצע האבען פיעלע פון די פריינד אין דער שטיל איהם פאראכטעט און אויסגעלאכט.

און כאטש געכאפט האט זיך זינגער דערצו שוין אביסעל שפעטלאך, נעמליך, ווען ער האט פארלארען יעדע האפנונג אויף עקזיסטענץ אין לעבען, האט ער זיך דאך געטרייסט, אז פטור ווערען פון פריינד איז קיינמאל ניט שפעט.

ער האט עפעס דערפיהלט, אז זיין נייע רעטונג וועט נאר קו־מען דאן, ווען ער וועט ארויסווארפען פון קאפ און פון הארץ די פריינד.

די זאך אויסצופיהרען איז אבער איהם אנגעקומען זעהר שווער.

דער קליינער באנקיר, למשל, מיט וועמען ער איז געווען אין גוטע באציהונגען, האט בשום־אופן ניט פארשטאנען, ווען זינגער האט זיך צו איהם אנגערופען:

— איהר ווייסט, הערר גרינפעלד, אז אין גרונד גענומען זענט איהר א גרויסער חזיר...

גרינפעלד האט עס אנגענומען פאר א וויץ; ער האט גע־קלאפט זינגער׳ן אין פלייצע און לאכענדיג געענטפערט:

— אט אזוי, פריינד זינגער... אט אזוי האב איך ליעב...

לוסטיג זאָל מען זיין; איך האָב ניט ליעב, אז מען איז שטענדיג שטייף, ערנסט...

און קוים מיט צרות איז איהם געלונגען צו איבערצייגען גרינ־פעלד'ן, אז ער איז טאַקע אַ חזיר אויף אַן אמת.

דאַן האָט זיך יענער שטאַרק באַליידיגט און האָט מאָמענטאַן אָפּגעבראָכען די פריינדשאַפט מיט זינגער'ן.

אַם שווערסטען איז זינגער־ן אָנגעקומען מיט'ן מעצענאַט. דער דאָזיגער מעצענאַט האָט בשום אופן ניט געוואָלט גלויבען, אַז דער דאָזיגער גוטער פריינד זינגער זאָל מיינען עס אין ערנסט. ער האָט געפּרובט די פריינדשאַפט נאָך אָנהאַלטען עטליכע מאָ־נאַטען.

ביז זינגער איז אַרויס פון געדולד און זיצענדיג אַמאָל מיט איהם אין קאַפע־הויז, האָט ער זיך צו איהם מיט כעס געווענ־דעט:

— איהר הערט מיך ניט אויף צו באַלעסטיגען? ווען ניט, וואַרף איך אייך אין קאָפּ די גלאָז...

דער מעצענאַט, פון דער נאַטור אַ גרויסער פּחדן, האָט זיך גלייך אָפּגעטראָגען.

זינגער איז געבליבען אַליין, האָט צוגערופען דעם קעלנער און געהייסען איהם ברענגען פאַר די לעצטע פאַר מטבעות אַ גלאָז וויין.

דאָס האָט ער געפייערט דאָס גרויסע גליק וואָס מיט איהם האָט געטראָפען: פּטור געוואָרען פון לעצטען פריינד.

„איצט בין איך געראַטעוועט!" האָט ער געמורמעלט פאַר זיך און האָט זיך דערפיהלט אַזוי שטאַרק, אַז ער וואָלט די גאַנצע וועלט באַזיגען, און דווקא אַהן איין פריינד!...

# דאָס פאַרפאָלגען

אין קאַפע, ביים רונדען טיש, וועלכער קען געבען פלאַץ אַן אומבאַגרענצטער צאָהל באַזוכער, זיינען געזעסען איינינע שריפט־שטעלער און האָבען געפיהרט זייער שטענדיגען געשפּרעך וועגען ליטעראַטור און קונסט. זיי האָבען אַלע גערעדט הויך אויפ'ן קול, און איינער האָט זיך געמיהט איבערשרייען דעם צווייטען. יעדען איז געווען וויכטיג ניט דאָס, וואָס יענער וועט א י ה ם זאָגען, נאָר דאָס וואָס ע ר וועט יענעם זאָגען. איינער ביים אַנדערען האָט זיך געבעטען רחמים: לאָזט מיר ענדיגען... אָבער די בקשות האָבען ניט געהאָלפען. ענדיגען א געדאַנק איז געווען אוממעגליך... ביי דעם צווייטען איז געבאָרען געוואָרען אַ שעהנער איינפאַל, און מורא־האָבענדיג, אַז דער איינפאַל וועט. אויב ער וועט אָפּוואַרטען, פאַרלירען זיין ריכטיגען גלאַנץ, האָט ער איהם געמוזט טאַקע שוין איבערגעבען... דערוויילי איז אָבער ביי אַ דריטען געבוירען געוואָרען נאָך אַ שעהנערע אידעע און דעם צווייטענס איינפאַל איז געבליבען האַלב ניט פאַרענדיגט. אָבער דעם דריטענס אידעע האָט געהאַט נאָך אַן ערגערע מערכה. איהר איז גאַרניט געווען באַשערט אַנצוזעהן די ליכטיגע וועלט. זי איז פאַרשלונגען געוואָרען פון אַ האַלבער אידעע, וואָס דעם פערטען איז איינגעפאַלען.

דערווייל האָט זיך צוגערוקט צום טישעל אַ פרעמדער יונגערמאַן. לויט זיין אויסזעהן האָט ער געדאַרפט זיין אַ פאַרעהרער פון שרייבער, און וואָס איז אין אַ פרייער מינוט אריינגעקומען אַנקוקען זיי. ווי עס האָט זיך אָבער באַלד אַרויסגעוויזען, איז ער אויסער אַ פאַרעהרער אויך אַליין געווען אַ שרייבער.

זיין נאָמען, וואָס ער האָט געמאָלדען נאָך דעם, ווי ער האָט זיך אָביסעל באַרוהיגט פון דעם ערשטען איינדרוק, וואָס דער רונ־

דער טיש האט אויף איהם געמאכט — איז אבער געווען אומבא־קאנט. דאס הייסט, אז דער מאן האט זיך נאך ניט גערדוקט; אפילו אין דער קאונטרי אויך ניט. גאט זיי דאנק! עס זיינען נאך דא, הייסט עס, לעזער אויך. אבער דאס גליק איז ניט געווען פארפול. דער מאן האט דוקא געשריבען און געשריבען א סך און אהער איז ער געקומען קריגען סמיכה ביי איינעם פון די גדולים.

דער מאן האט זיך צוגעזעצט צום טיש, ועמעס רונדיגקייט האט איהם אריינגענומען אין דער סביבה. דער מאן האט אויס־געקליבען זיין קרבן איינעם פון די שריפטשטעלער, וואס האט גע־האט מעהר רוהיגע און ווייכערע געזיכטסציגע, און האט זיך צו איהם געווענדט:

— איך וואלט איך וועלען עפעס פארלעזען און הערען אייער מיינונג, צי איך האב טאלאנט — און דערביי האט ער איהם דער־לאנגט, צום גליק, א קליינעם מאנוסקריפטעל.

דער שריפטשטעלער, וועלכער האט געזאלט זיין דער קרבן, האט גענומען מיט א סקעפטישער מינע דאס מאנוסקריפטעל און אריינגעקוקט אין איהם. עס איז געווען פון יענע מאנוסקריפטלער, פון וועלכע עס איז גענוג צו לעזען צוויי שורות, און וויסען מיט וועמען דו האסט צו טאן. דער שריפטשטעלער האט אבער גע־וואלט זיין עהרליך און האט אריינגעקוקט אויך אין דערמיט פון מאנוסקריפטעל, אפשר וועט ער געפינען דארט א קערענדעל. אויך אין דערמיט איז דאס ניט געווען בנמצא. האט ער זיך אראבגע־לאזט צו דער גליקליכער ענדע. אפשר איז די ענדע גוט. אבער די ענדע איז געווען ערגער פאר'ן אנהויב. דער העלד פון מאנוס־קריפטעל איז דארט באגאנגען זעלבסטמארד. דער שריפטשטעלער, וואס האט געהאט בכלל א שלעכטע מיינונג פון זעלבסטמערדער, האט מיט א באהאלטענעם עקעל־געפיהל אבגעגעבען דעם יונגענ־מאן צוריק דאס מאנוסקריפטעל און געזאגט:

— עס טוט מיר לייד...

— איהר מיינט דעם העלד, וואס איז באגאנגען זעלבסט־

מאָרד ? — האָט זיך דער יונגערמאַן אַנגעכאַפּט. — איך קען איהם, ווען איך וויל, דוקא צוזאַמענפיהרען מיט דער מיידעל... דאָס איז ביי מיר אַ קלייניגקייט...

— ניין... — האָט׳דער שריפטשטעלער געשמייכעלט. — ניט דאָס מיין איך... די זאַך בכלל טויג ניט... קיין פונק טאַלאַנט...

דער יונגערמאַן האָט זיך איינגעקאָרטשעט, ווי איינער וואָס וויל זיך באַשיצען פון נאָך קלעפּ. נאָכדעם ווי ער האָט איין שטאַר־קען קלאַפּ געקראַגען... אַרום רונדען טיש האָט געהערשט אַ שטיל־קייט און יעדערער האָט זיך דערפיהלט אומבאַקוועם...

דער יונגערמאַן האָט זיך ווי־עס־איז אָפּגעזעגענט און איז אַרויס מיט ניט גאָר זיכערע טריט...

— איהר זייט דאָך אַ גזלן ! — האָט זיך צום שריפטשטעלער געווענדעט אַ קאָלעגע.

— צו שטאַרק ! — האָט אַ צווייטער באַמערקט.

— איך וואָלט עס ניט געקענט ! — האָט אַ דריטער האַלב גע׳מוסר׳ט...

דער שריפטשטעלער האָט געענטפערט :

— איך האָב דאָס אויך ניט געקענט... איהר ווייסט דאָך, אַז איך בין ניט קיין שלעכטער. אָבער... איהר ווילט הערען אַ מעשה ?...

— יאָ

— איהר וועט ניט איבערשלאָגען ?... — האָט דער שריפט־שטעלער זיך געוואָלט באַוואָרענען.

— מיר זיינען שוין געשפּאַנט...

— געדענקט־זשע ! — האָט דער שריפטשטעלער געשמיי־כעלט. — הערט אויפמערקזאַם.

און דער שריפטשטעלער האָט אָנגעהויבען :

ווען איך בין מיט צעהן יאָהר צוריק געווען אין בערלין האָט זיך צווישען אַלע מיינע פריינד, באַקאַנטע און אמת׳ע פריינד אַריינגעפּלאָנטען עפּעס איינער אַ יונגערמאַן, וואָס האָט זיך דאָס ערשטע מאָל פאָרגעשטעלט מיט׳ן נאָמען דניאל כערסאָנסקי. אָנ־

פאנגם האט ער געוואלט שפילען די ראלע פון א מעצענאט... נאר אזוי ווי מעצענאטען האב איך שטארק ניט ליעב, האט ער זיך אנגעהויבען ביסלעכווייז צו אנטפלעקען אלס א שרייבער. צום גליק אבער האט ער געשריבען רוסיש.

דאס איז געווען א גאנץ־פלאכער יונגערמאן, א זוהן פון א אידישען גוטסבאזיצער ערגעץ אין כערסאנער גובערניע. אויב ער האט מיך יא צוגעצויגען איז דאס געווען מיט זיין געזונדקייט און מיט זיין שעהן קליידען זיך. איך האב ליעב געהאט אמאל צו געהן שפאצירען מיט איהם אין דער פרידריך־שטראסע און באאבאכטען, ווי אזוי די בערלינערינס פארקוקען זיך אויף איהם און איינוועגס שוין אויך אויף מיר. מעהר ווי דאס האט מיך מיט איהם ניט פארבונדען.

אבער מיט דעם ערפאלג ביי פרויען האט ער זיך ניט באגנוגענט. איהם האט געפעלט א ביסעלע רוהם... בארימטקייט. דער מענש האט נאכאנאנד געשריבען. ער האט אלץ געזוכט א געלעגענהייט מיר עפעס פארצולעזען. איך האב זיך אלץ געזוכט צו ראטעווען. אבער איינמאל האט ער מיך געפאקט. אין יענער צייט איז פארגעקומען א פאגראם אין רוסלאנד. ער האט זיך, הייסט עס, באנוצט מיט דער געלעגענהייט און אנגעשריבען אן ערצעהלונג וועגען דאזיגען פאגראם, פון וועלכען ער האט נאר געוואוסט פון די צייטונגען.

די ערצעהלונג האט געהייסען „ניע אוביי“. דאס הייסט „לא תרצח“. ווי דער פאגראם איז געווען שרעקליך לויט די באריכטען, איז אבער די ערצעהלונג פון דניאל כערסאנסקי געווען שרעקליכער. אויסגעטראכטע, ליגנערישע פראגען... ניט דורכגעפיהלט... קיין איין הארציג ווארט. אבער מיין זינד אנערקען איך. כ'האב ניט געהאט דעמאלט דאס הארץ צו זאגען איהם דעם אמת... עפעס האב איך אויף איהם רחמנות געהאט. עס איז געווען קענטיג, אז ער האט געלעגט גרויסע האפנונגען אויף דער דאזיגער ערצעהלונג.

— הייסט עס, עס געפעלט אייך? — האָט ער מיך איבער־געפרעגט.

— יאָ, אַ שטאַרקע זאַך... — האָב איך צוגעשאָקעלט.

— ווי געפעלט אייך דער סטיל?

— אויסגעצייכענט.

— איך דאַנק אייך זעהר! — האָט ער מיר נעדריקט די האַנט. אייער מיינונג איז מיר וויכטיג... זעהר וויכטיג... אויב אַזוי, וועל איך עס טאַקע שיקען אין „יעווריסקאַיאַ זאַריאַ"...

קיין געפאַהר האָב איך אין דעריין ניט געזעהן... זאָל ער שיקען... דרוקען וועט מען דאָך עס ניט... די ערצעהלונג איז לחלוטין אומדרוקבאַר... זיי וועלען דאָרט דורכלעזען די ערשטע ציילען און וועלען גלייך איינזעהן, וואָס פאַר אַ מין זאַך דאָס איז, און גלייך אין קאָרב...

אין אַ וואָך אַרום האָט ער מיר דערצעהלט, אַז ער האָט די ערצעהלונג אַוועקגעשיקט. ער האָפט, אַז אין נעקסטען נומער וועט זי ערשיינען. דערביי האָט ער זיך מיר מודה געווען, אַז ער האָט אין בריעף צוגעשריבען, אַז ער האָט זי בעפאָר געלעזען פאַר מיר און זי איז מיר שטאַרק געפעלען געוואָרען...

נאָכדעם איז דער יונגערמאַן פאַרשוואונדען געוואָרען, ווי אין וואַסער אַריינגעפאַלען.

איך וואָלט פאַרגעסען אַן איהם און זיין ערצעהלונג. אָבער אין צוויי וואָכען אַרום, אַריינקומענדיג אין דער אידישער ביבליאָ־טעק, וואו עס האָבען זיך געפונען אַלע אידישע צייטונגען אין אַלע שפּראַכען, האָב איך, נאָכדעם ווי איך האָב איבערגעקוקט אייניגע, אויך גענומען די „יעווריסקאַיאַ זאַריאַ".

איך האָב זי דורכגעבלעטערט און שוין געוואָלט נעהמען אַן אַנדערע, אָבער דאָ איז מיין בליק שטעהן געבליבען אויף אַ באַ־קאַנטען טיטעל פון אַ זאַך פון אַ באַקאַנטען נאָמען... „ניע אוביי"... ראַזסקאַז דניאַל'יאַ בערסאַנסקאַוואַ... איך בין אָפּגעשפּרונגען מיט שרעק, ווי איך וואָלט דערזעהן עטוואָס אומהיימליכעס... איז דאָס מעגליך?

יא, מען האָט עס אָפּגעדרוקט...

איך בין געקומען צו זיך, זאָגאַר נאָך אַמאָל איבערגעלייענט און רוהיג פילאָזאָפירט:

— דאָס איז דיין שטראָף פאַר אַ פאַלשע מיינונג...

אין אַ האַלב יאָהר אַרום בין איך געקומען קיין אַמעריקאַ. איך האָב זיך שטאַרק אינטערעסירט מיט די אידישע צייטונגען, געשטודירט דורך זיי דאָס לעבען פון לאַנד, די לעזער און רעדאַק־טאָרען. אין איין צייטונג האָט זיך אין יענער צייט געדרוקט אַ סעריע קליינע ערצעהלונגען פון דער אייראָפּעאישער ליטעראַטור מיט'ן טיטעל: „בריליאַנטען און דימאַנטען פון דער וועלט־ליטע־ראַטור". איינמאָל עפען איך אויף די דאָזיגע צייטונג, איך וואַרף מיין בליק אויף דער זייט פון די בריליאַנטען און דימאַנטען און דערזעה: „לא תרצח", ערצעהלונג פון דניאל בערסאַנסקי, איבער־זעצט פון רוסישען.

איך האָב גיט געגלויבט מיינע אויגען. מיין גאָט, לאָ די וואָס מען האָט עס געדרוקט איינמאָל, ווערט עס נאָך איבערזעצט און דערצו נאָך אַלס בריליאַנט!... עפּעס ווערט די זאַך מיסטיש... אַ שטראָף פון גאָט... איך האָב עס פאַראורזאַכט מיט מיין מיי־נונג... איך בין אַ גאַנצען טאָג אומגעגאַנגען ווי פאַרווירט און האָב געפיהלט, ווי אויף מיין געוויסען וואָלט געלעגען אַ שווערע זינד...

מיין אינטערעס צו די קולטורעלע אינסטיטוציעס אין דעם נייעם לאַנד איז געוואַקסען. איך האָב זיך איבערהויפּט פאַראינ־טערעסירט מיט די ליטעראַרישע דראַמאַטיק קלובס. איינמאָל האָב איך באַזוכט אַזאַ מין קלוב.

עס איז געווען אַ שבת אַבענד... דער לאַנגער, שמאָלער זאַל איז געווען געפּאַקט מיט יוגענד, באַיעס איין מיידלער, וואָס האָבען געשלונגען יעדעס וואָרט, וואָס דער פאַרלעזער, אַ יונגער געזונטער באַי, האָט פאַר זיי פאַרגעלעזען פון דער ביהנע. זיין פאַרלעזען פלעגט איבערגעשלאָגען ווערען אַלע ווייליע פון אַ הילכיגען געלעכ־טער. דאָס האָט ער פאַרגעלעזען שלום־עליכם'ס אַ בריליאַנטענע הומאָרעסקע...

איך האב מיך אויך שטארק אמוזירט און האב זיך גערוקט נעהענטער צו דער ביהנע. אבער דא איז עפעס באלד געשעהן. דעם פארלעזער'ס בליק איז געפאלען אויף מיר. ער האט מיך דערקענט... קיין רעטונג איז שוין ניט געווען... די פארלעזונג איז איבערגעריסען געווארען. דער פארלעזער האט זיך געווענדט צום פובליקום:

— מיינע פריינד! מיר האבען דא א גאסט, — און אזוי ווייטער — און לכבוד איהם וועל איך פארלעזען אן ערנסטע זאך, א בריליאנט פון דער וועלט־ליטעראטור...

אלע בליקען זיינען געפאלען אויף מיר. איך האב זיך ניט געפונען קיין ארט... הייסט עס, געהט מען לכבוד מיר פארלעזען נאך א בעסערע זאך, ווי שלום־עליכם'ס... איך בין געווארען אין גאנ־צען נייגעריגקייט...

דער פארלעזער האט פארטגעזעצט:

— די זאך האב איך אויסגעלערענט מיט צוויי וואכען צוריק. איך האב זי געהאלטען פאר'ן נעקסטען סיזאן, אבער לכבוד דעם גאסט, — און אז. וו. — לעז איך זי פאר שוין. איך בעט אייך, האלט זיך רוהיג.

אין זאל איז געווארען שטיל. אזוי שטיל, אז מען האט, דאכט זיך, געהערט ווי דאס הארץ האט ביי מיר געקלאפט. דער פארלעזער האט מיט א געהויבענעם פייערליכען טאן אויסגעזונגען:

„לא תרצח", ערצעהלונג פון דניאל כערסאנסקי.

מיין שטראף איז געווען פארפול... אבער ניט אינגאנצען. אין א צייט ארום האב איך רעדאגירט א וואכענבלאט. ביים צעהנטען נומער האב איך געמוזט אוועקפאהרען אויף עטליכע טעג ערגעץ אין א שטאדט. איך האב געבעטען מיין געהילף, אז אנ־שטאט אן אריגינעלע ערצעהלונג, זאל ער איבערזעצען עפעס א רעכטע זאך. ער האט מיר פארשפראכען. ער איז אוועק אין דער ביבליאטעק און געזוכט עפעס רעכטס.

קומענדיג צוריק איז שוין דער נומער געווען פארטיג. איך האב איהם דורכגעקוקט...

— מיין גאט! — האב איך א געשריי געטהאן און מעהר ניט געקענט ריידען...

די ערצעהלונג וואס מיין געהילף האט אויסגעקליבען כדי מיר אנטאן א נחת רוח איז געווען דיזעלבע: „לא תרצח"... פון דניאל בערסאנסקי. זי האט מיך פארפאלגט.

און עד היום דאכט זיך מיר, אז איך וועל זי נאך אמאל אנטרעפען ערגעץ אין א אידישען זשורנאל פאר שעהנע ליטעראטור...

איצט פארשטעהט איהר פאר וואס איך בין אזוי שטרענג מיט א מיינונג. גאט זאל אויסהיטען, וואס עס קען דערנאך פאסירען...

# דער באַוויז

דער שריפטשטעלער קריינין איז געווען אין אַ באַזונדער גוטער שטימונג. די גלאָז קאַווע, וואָס דער קעלנער האָט איהם צוגעטראָגען צום טישעל, האָט ער אָנגענומען גלייך מיט דאַנקבאַרקייט, געזאָגט, אַז די קאַווע זעהט אויס גרויסאַרטיג, וואָס דאָס פּאַסירט זעהר זעלטען. דאָס רוב מוז נעבאך דער קעלנער איהם ברענגען און צוריקטראָגען און אַן אַנדערע ברענגען, ביז וואַנען קריינין אַקצעפּטירט און נעהמט זי טרינקען. אויסער דער גלאָז קאַווע האָט ער אויך שטאַרק געלויבט די ערצעהלונג פון דעם יונגען שריפטשטעלער גרינשפּאַן, וועמען ער וויל אַלע מאָל פאַרניכטען.

— דער גרינשפּאַן האָט עפּעס! — האָט ער געטייטעלט מיט'ן פינגער אויף דעם קעפּעל פון דער ערצעהלונג.

האָבען די אַנדערע קאָלעגען פון די דערבייאיגע טישלעך דערפיהלט, אַז קריינין איז גוט געשטימט. האָבען זיי זיך אויך צוגעזעצט צום זעלבען טישעל, וואו קריינין איז געזעסען. דאָס האָט קריינינ'ען נאָך מעהר אויפגעמונטערט. ער איז געוואָרען פול מיט ווערטער און מיינונגען, און ער האָט געטהיילט שבחים יעדען קאָלעגע מיט דער פולער האַנט. אפילו יאַקעלזאָהנ'ען, וועלכער שרייבט בלויז נייעס אין דער מאָרגען־צייטונג, האָט ער ניט פאַרטיילט און געלויבט זיין איבערזעצונג פון דער לעצטער פּאָליטישער נאָטע — פּראַכטפול איבערזעצט! — האָט ער פאַרענדיגט.

יאַקעלזאָהן האָט זיך געררויטעלט, ווי אַ כלה־מיידעל, און געדאַנקט קריינינ'ען פאַר אָנערקענונג.

נאָך אַלע עליות, וואָס ער האָט יעדען געגעבען, האָט קריינין רעזומירט מיט צופריעדענהייט:

— קאַלעגעז, וואָס איז דאָ צו ריידען; אונזער ליטעראַטור וואַקסט, און דער עיקר, זי האָט באַקומען אַ באַדען.

אַז זי וואַקסט, האָט יעדערער צוגעגעבען, אַפילו דער איבער־זעצער פון דער פּאָליטישער נאָטע, מר. יאַקעלזאָהן, אָבער אַז זי האָט אַ באַדען — דעריין האָבען מאַנכע קאָלעגען געצווייפעלט.

— ניין, קיין באָדען האָט זי נאָך ניט! — האָט איינער זיך געקלאָגט.

— זי האָט! זי האָט! — איז קריינין געשטאַנען פעסט אויף זיינס. ביז איצט האָב איך אַליין געצווייפעלט. אָבער היינט האָב איך זיך דעריין איבערצייגט.

קריינין איז אַנטשוויגען געוואָרען און צופרידען געשמייכעלט. די קאָלעגען האָבען געוואוסט, אַז ער וועט באַלד עס באַגרינדען מיט אַ פאַקט. קריינין שעפּט ניט זיינע מיינונגען פון דער לופט. ער איז, נאָך זייער מיינונג, צופיעל רעאַליסט.

לאַנג וואַרטען האָבען זיי ניט באַדאַרפט. קריינין האָט אַרויס־גענומען פון טאַש זיין קעסטעלע סיגאַרעטען, דערזעהן אַז עס איז אַ לעדיגע, האָט ער עס אוועקגעוואָרפען, אויסגערופען הויך אויפ'ן קול: „סיגאַרעטס!" און נאָכדעם ווי דער קעלנער האָט איהם גע־בראַכט אַ פּעקעל סיגאַרעטס, פאַררויכערט און מיט ליידענשאַפט אַריינגעצויגען דעם רויך אינוועניג און צוריק אַרויסגעלאָזט אין אַ דינעם זייל, און אָנגעהויבען:

„ביז היינטיגען טאָג בין איך געווען אייפערזיכטיג אויף די אַנ־דערע קונסטען, וועלכע אידען שעצען אַזוי אָפט. שטעלט זיך פאָר די לעגענדען, וואָס אידען דערצעהלען וועגען פיעדעל־שפּיעלער, וועגען זינגער, וועגען זייערע גרויסע פאַרדינסטען. וויפיעל אידישע מאַמעס שלאָגען אָפּ די שוועלען פון מוזיק־לעהרער, מיטברענגענדיג זייערע אינגלעך, און פרעגען, צי האָבען זיי טאַלאַנט. האָט איהר וועז געהערט, אַז אַ איד זאָל דערצעהלען אַ לעגענדע פון אַ אידישען שרייבער אָדער דיכטער? האָט איהר וועז געהערט, אַז אַ אידישער טאַטע זאָל ברענגען זיין זוהן צו אַ אידישען שרייבער און פרעגען, צי האָט זיין זוהן טאַלאַנט צום שרייבען, צום דיכטען? קיינמאָל

נים. שרייבעריי איז ביים אידישען פאלק א נישטיגע פראפעסיע. ווער רעדט א קונסט — אודאי נים. אפשר איז עס ביי די גוים אויך אזוי, אבער ביי אידען אין א גרעסערער מאס. אבער שטעלט זיך פאר, אז אויך די קאלטקייט, אדער בעסער געזאגט, די פארניכטענדע באציהונג צו דער שרייבער־קונסט הויבט אן צו פארשווינדען. היינט בין איך עס געוואָהר געווארען. און ווי קאמיש דאס גאנצע האט מיר אויסגעוויזען, מוז איך דאך פארט דערפון דרינגען, אז אונזער ליטעראטור באקומט א באדען. היינט, מיינע קאלעגען, זיצענדיג נאכמיטאג אין רעדאקציע, האב איך זיך איבערצייגט, אז שרייבעריי הויבט אן ווערען ביי אידען א רייכע פראפעסיע און מען פיהרט שוין די אינגלעך נים נאר צו פיעדעל־שפיעלער אדער צו געזאנג־פראפעסארען, נאר אויך צו אונזערע שרייבער. היינט איז דאס געשעהן...״

— די הקדמה איז צו לאנג! — האט אן אומגעדולדיגער קאלעגע א מורמעל געטאן.

— האט צייט! — האט קריינין גוטמוטיג געשמייכעלט — עס איז כדאי. היינט איז דאס געשעהן.

„איך זיץ אזוי אין רעדאקציע און ווארט אויפ'ן רעדאקטאר, און דער רעדאקטאר זיצט אין זיין צימער און איז שטארק פארנומען מיט'ן לעזען א פאראכטאגעדיגע צייטונג. זעה איך, ווי די מיר עפענט זיך און עס געהט אריין א מאן פון א יאהר עטליכע און פערציג, מיט א באיטשיק פון א יאהר פופצעהן־זעכצעהן. דער מאן איז אביסעל דערשראקען, אבער מעהר דערשראקען איז דאס באיטשיקעל. ער טוליעט זיך הינטער דעם מאן און וואגט נים אויפצוהויבען די אויגען. ענדליך געהט צו דער מאן גלייך צו מיר, און מיט א זיסען שמייכעל ווענדט ער זיך צו מיר:

— דאס זייט איהר, מר. קריינין?

— איך — שטעל איך מיך פאר.

— איך וויים, — איז דער מאן געווארען דרייסטער, — איך קען אייך שוין לאנג. איך האב אייך געהערט אמאל פארלעזען אין סיינט מארקס האל... איהר האט זיך אביסעל געענדערט. איהר

האט דעמאלט בעסער אויסגעזעהן. אייך קענען אלע, מיך — קיי־נער ניט. אבער מיין באי, האף איך, וועט מען שוין קענען... שעם זיך ניט, הערי, דאס איז דאך מר. קריינין! ער קען אייערע זאכען אויף אויסווענינג... ער האט ביז אהער געארבייט אין א שאפ, אבער איך זעה, אז דעם באי ציהט צום שרייבען... קלער איך, אפשר האט ער טאלאנט? האב איך איהם אפגענומען פון דער ארבייט, כאטש עס איז מיר זעהר שווער, נאר ווי זאגט איהר — אויב ער האט טאקע טאלאנט, וועט זיך דאס באצאהלען. די שכנים אלע זאגען, אז ער האט. די נעקסט־דאריגע, א געבילדעטע ווייבעל, א ווילנע־רין, איז גאר נתפעל: ער וואקסט א פושקין, זאגט זי, — א מארים ראזענפעלד... ווייס איך — אמת, צו ניט, מיר אליין געפעלט. נאר מיר געפעלט אלץ. איך הער עס גראמט זיך, געפעלט מיר. שיקט ער עפעס דרוקען, ענטפערט מען, אז טאלאנט האט ער, נאר דרו־קען דרוקט מען ניט... טראכט איך מיר: צו וואס זאל עס מיר ווארפען ווי אין א קדחת, צי ער האט יא טאלאנט, צי ער האט ניט טאלאנט, און דערווייל זאל ער ניט ארבייטען; אמעהר וועל איך אריינגעהן צו אייך און פרעגען... ווי איהר וועט זאגען, אזוי וועט דאס בלייבען..."

„און איידער איך האב צייט געהאט צו זאגען עפעס, האט ער א וואונק געטהאן צו הערי'ן.

הערי האט שוין פארשטאנען, וואס דער טאטע מיינט. מיט ציטערדיגע הענט האט ער ארויסגעשלעפט פון ערגעץ א קעשענע א גאנצען פעקעל מיט פאפירלעך, פארשריבענע, ווי דער שטייגער זייערער, פון ביידע זייטען, און אוועקגעלעגט אויפ'ן טיש.

איך האב ארויסגענומען, ווי א גורל, איין שטיקעל פאפיר און מיט שרעק גענומען לעזען.

עס איז געווען וואס באזונדערם! געגראמט האבען זיך בלויז די לעצטע אותיות, למשל: „געגאנגען" מיט „געגעבען", „געזאגט" מיט „האט"... כ'האב שוין געוואלט ארויסגעבען מיין שרעקליכען אורטייל. אבער כ'האב אנגעקוקט דעם טאטען מיט דעם זוהן, ווי

זיי שטעהען מיט אויסגעגלאָצטע אויגען אויף מיר און וואַרטען אויף זייער גורל. האָב איך ניט געהאַט קיין מוט...

האָב איך געפּרוּבט געהן אַרום און אַרום:

— און וואָס מיינט איהר, אַז מען האָט שוין טאַלאַנט? וואָס האָט מען דערפון?

— וואָס הייסט?—האָט זיך דער טאַטע צעהיצט — היינטיגע צייטען טאַלאַנט! מען זאָגט, אַז שרייבער מאַכען היינט גאָלד... און גלאַט, עס איז אַ שעהנע פּרנסה...

— יעס... נאַטירליך... — האָב איך זיך אביסעל געקוויינ־קעלט, — אָבער, איהר פאַרשטעהט, טאַלאַנט איז אַ טונקעלע זאַך... וועט איהר גלויבען — בין איך געפאַלען אויף אַ פּלאַן, ווי אַזוי צו פאַרמילדערען מיין אורטייל — וועט איהר גלויבען, אַז איך אַליין צווייפעל, צי איך האָב טאַלאַנט..."

„דער טאַטע האָט זיך צעלאַכט, און אפילו דער דערשראָקענער שעמעוודיגער הערי האָט אויך ניט געקאָנט באַהערשען...

— כע־כע... — האָט זיך דער טאַטע געשטיקט — הלואי פאַר־מאָגט מיין הערי אַ הונדערט־חלק...

אָבער באַלד איז ער צוריק ערנסט געוואָרען, געבעטען איך זאָל אַריינקוקען אין אָט דעם רויטען פּאַפּירעל... דאָס איז אַ סאָ־ציאַליסטישע לידעל וועגען ערשטען מאַי. די נעקסט־דאָריגע האַלט פון דעם ליד אַן עולם ומלואה... און אָט אויף דעם שטיקעל פּאַפּיר איז אַ ליד וועגען אַ פאַרלוירענעם סטרייק...

איך האָב דורכגעקוקט ביידע קאָלירטע פּאַפּירלעך. די לידער זיינען שוין געווען געגראַמט אַ „בית" מיט אַ „טית", למשל „האָב" און „שפּאָט"... און אַ „זין" מיט אַ „קוף", למשל „איז" און „צו־ריק"... איך האָב געמיינט, אַז דאָס זיינען לידער אָהן גראַמען. האָב איך באַמערקט:

— ס'הייסט, איהר שרייבט אויך אין ווייסע פערזען, אָהן גראַמען.

— אָהן גראַמען! וואָס רעדט איהר! — האָט זיך דער טאַטע

דערשראַקען און אַנגעקוקט הערי׳; ווי אַ גזלן, — דו הערסט, הערי, וואָס מר. קריינין זאָגט?...

— עס איז דאָך מיט... — האָט הערי זיך פאַרטיידיגט, — „איז" — „צוריק"...

— איז... צוריק... יעס, עס איז אַ גראַם! — האָט דער טאַטע באַשטעטיגט...

„איך האָב דערזעהן, אַז דאָס שפּיעל איז אַהן אַן ענד, האָב איך עס אָפּגעהאַקט. — ער דאַרף אַ סך לעזען, לעזען... — האָב איך געראַטען. — און זאָל ער עפּעס צושיקען אין אַ יאָהר אַרום...

— אָבער ער האָט אַ טאַלאַנט? — האָט דער טאַטע געוואָלט דערגעהן דעם עיקר.

דעם עיקר איז ער אָבער ניט דערגאַנגען. אײנגאַנצען אָפּזאָגען איהם — האָב איך ניט געהאַט קיין האַרץ; איהם צוגעבען מוט — האָב איך ניט געקאָנט באַגעהן אַזאַ זינד, האָב איך איהם געהייסען נאָכאַמאָל: אַ סך לעזען... לעזען... און גאָט איז אַ פאָטער...

הערי האָט דערוויל צונויפגעקליבען די צעשאָטענע שטיקלעך פּאַפּיר, זיי פאַרבונדען מיט אַ שוואַרצען פאָדים, זאָרגפעלטיג אַריינ־געלעגט אין קעשענע און זיך גענומען גרייטען צו געהן.

דער פאָטער אָבער האָט ניט געקענט אַוועקגעהן. ער וויל וויסען אויף זיכער... איך האָב איהם געטרייסט מיט אַ פּאָר צוויי־דייטיגע ווערטער, און ער איז ענדליך אַרויס. נאָך זיינע טריט, וואָס ער האָט געמאַכט ביז׳ן טיר האָב איך פאַרשטאַנען, אַז ער וועט הערי׳ן שיקען מאָרגען אין שאָפּ. עס האָט מיר וועה געטאָן, אָבער וואָס האָב איך געקאָנט טאָן? — האָט קריינין פאַרענדיגט.

די קאָלעגען האָבען געשמייכעלט. קריינין אַליין איז געווען האַלב ערנסט און האָט רעזומירט:

— עס מאַכט גאָרנישט אויס, וואָס דאָס זיינען געווען אָרימע אומוויסענדע מענשען... די הויפּטזאַך איז, וואָס מיר האָבען דער־לעבט, אַז אַ טאַטע זאָל ברענגען זיין אינגעל צו אַ שרייבער מיט אַ פּעקעל לידער, ווי מען פּלעגט ברענגען אַ אינגעל מיט אַ פידעל

צו אַ פּראָפעסאָר פון מוזיק. ווי מיינט איהר, קאָלעגען, איז דאָס נים אַ באוויז, אַז אונזער ליטעראַטור קריגט אַ באָדען?

די קאָלעגען האָבען געשמייכעלט.

# זיין פאציענטין

דער געשפרעך האט זיך אנפאנגס געפיהרט אין א לייכטער, וויציגער פארם. מען האט גערעדט וועגען פרויען. א דאנק דעם, וואס די ענגע געזעלשאפט איז באשטאנען פון לויטער מענער, האט מען זיך ניט באדארפט היטען מיט אן איבעריגען ווארט. איבער־הויפט האט זיך גענומען די פרייהייט דער דאקטאר בראון. ער האט דערצעהלט איינינע אנעקדאטען פון זיין פראקסיס, און די איבעריגע האבען אויפמערקזאם זיך צוגעהערט און גוטמוטיג גע־שמייכעלט. נאכדעם איז מען אריבער וועגען דער הייראטס־פראב־לעם. איינער האט אגיטירט די פאר יונגע לייט צווישען דער געזעל־שאפט, וואס זיינען געווען ניט־פארהייראט. יענע האבען געשמיי־כעלט. דער געשפרעך איז געווארען ערנסטער און היציגער. דארף מען הייראטען, צי ניט? עס זיינען געווען שטימען פאר און נעגען. ווען איינער האט זיך צעהיצט וועגען די גליקען פון פאר־הייראטען לעבען האט מר. וויסמאן, א באקנטער רעדנער, פון פראפעסיע אן אדוואקאט, אויסגעהערט, געשמייכעלט איראניש און נעבעטען דאס ווארט, וואס מען האט איהם גלייך געגעבען.

ער האט א פיהר געטאן מיט זיין האנט איבער'ן גרויען קאפ, ווי ער וואלט זיך פארבארייטען עפעס שווערעס צו דערצעהלען, אדער ווי ער וואלט געוואלט עפעס אראפריידען פון הארץ און האט אנגעהויבען:

— יעס... געווים... איך לייקען נישט... דאס פארהייראטע לעבען האט זיינע געוויסע שעהנקייטען, אדער ריכטיגער — באַ־קוועמליכקייטען; איבעריגענס, מעהר באקוועמליכקייט ווי שעהנ־קייט. אבער ווייסט איהר מיינע פריינד, אז צו זיין א מאן צו א פרוי איז ניט אזוי לייכט. אט, צום ביישפיעל איך, ווען איך ווייס

פריהער ווי שווער עס איז, וואלט איך אפשר אנשטאט יוריספרו־
דענץ געשטודירט מעדיצין. איהר לאכט... נאטירליך מיין איך
ניט צו זאגען, אז מיין ווייב, מיט וועלכער, ווי איהר ווייסט, איך
בין שוין א פאר יאהר צעשיידט, איז געוועזן חלילה קראנק. א ווייב
אבער איז בכלל ביים מאן שטענדיג ווי ביי א דאקטאר א פאציענ־
טין, און מען דארף וויסען ווי אזוי זי צו באהאנדלען.

יא. פון דעם ערשטען טאג נאך מיין חתונה מיט איהר, ביז
דער צעשיידונג, בין איך געוועזן איהר דאקטאר, און זי מיין פא־
ציענטין.

איצטער בין איך שוין געניט אין זייערע אלע שוואכקייטען,
און ווען איך ווער יונג און געה ווידער חתונה האבען, וואלט איך
שוין געוואוסט ווי אזוי צו באהאנדלען א פרוי, אז זי זאל זיך שטענ־
דיג גוט פיהלען. די ערשטע יאהרען אבער האב איך באמת ניט
געוואוסט. און אנשטאט צו פארשאפען איהר גליק, פלעג איך גאנץ
אפט פארשאפען איהר אומגליק.

ערשטענס דארף מען וויסען, ווי אזוי צו באהאנדלען איהר
געפיהל פון שטאלץ. מיר מיינען, אז די פרוי וויל נאר אונזער
ליעבע. אין אמת'ען וויל זי מעהר ווי ליעבע — זי וויל אונז אינ־
גאנצען. זי וויל אונזערע געדאנקען, אונזערע אידעען — אלץ זאל
איהר געהערען. איך האב עס אנפאנגס ניט געוואוסט. און ווען
איך האב געפיהרט מיין אייגען אינערליך לעבען, האט עס איהר
געפייניגט, איהר שטאלץ האט געליטען. אמאל פאסירט, איך זיץ
מיר און טראכט; איך קאן גאר טראכטען וועגען דעם, וואס וועט
זיין נאכ'ן טויט... הא, דאכט זיך, ניט אזוינע פרעהליכע געדאנ־
קען. זי אבער מיינט, אז איך טראכט גאר, גאט ווייס, וועלכע
ליכטיגע געדאנקען. און זי רוהט שוין ניט:

— זאג, וואס טראכסטו? דערצעהל מיר.

וועל איך איהר דען דערצעהלען? אנשטאט צו דערצעהלען
איהר, נעהם איך זי צ'רום און גיב איהר א קוש.

פארדריסט עס איהר אבער, וואס איך פארבארג פון איהר
מיינע געדאנקען. צעוויינט זי זיך און מורמעלט דורך טרערען:

— דיינע אלע געדאנקען זיינען באהאלטען פון מיר. איך קען דיך ניט. דו שרעקסט מיך...

פלעג איך שוין מוזען ווערען איהר דאקטאר, זוכען א מיטעל, ווי אזוי צו בארוהיגען זי:

— קינד... איך טראכט גארנישט... גלויב מיר, אז גאר־נישט...

וויבאלד אז איך טראכט גארנישט, איז זי שוין צופרידען.

און אמאל קומסטו פון אפים א מידער. פארשיידענע נאריי־שע „פראצעסען", אומאנגענעמליכקייטען. איך האב עס אלעמאל גע־וואלט פארגעסען. זי אבער האט זיך געפיהלט געקרענקט. זי וויל אנטיילנעהמען אין מיין לעבען. זי האט געפאדערט, איך זאל איהר דערצעהלען, וואס איך האב געטאן דעם טאג.

— לאז מיך, מיין לעבען, פארגעסען, איך בעט דיך.

ווידער אומצופרידענקייט, ברוגז'עריי... איך מוז שוין ווידער זי באהאנדלען ווי זי וואלט געווען א פאציענטין און איך א דאק־טאר.

און אמאל טרעפט זיך, אז די געשעפטען געהען שלעכט. און צו וואס זאל זי עס וויסען? העלפען קאן זי מיר ניט. צו וואס אפעסען איהר דאס הארץ? און אמאל שעמסטו זיך. זי אבער מערקט און איז דיר חושד, אז דו האסט זי אויפגעהערט ליעב האבען און טראכסט וועגען אנדערע... דא דארף שוין די באהאנדלונג זיין, ווי מיט אן אמת'ער קראנקער... איך פארגעס זיך שוין אז מיין ווירקליכער פראפעסיע און איך ווער א פסיכיאטר, זוך מיט־לען, ווי אזוי מיין ווייב צו בארוהיגען.

און אמאל טאקע — ביזט דאך ניט מעהר ווי א מענש — ווערט דיין הארץ אנגעצונדען פון א בליק פון א ווייטער, פון א פרעמדער... דו געהסט ארום אביסעל פאר'חלום'ט. גאט מייגער! קאן א מענש זיך אוועקגעבען נאר איינער?... דו טראגסט דאס דאזיגע געפיהל טיעף אין הארצען, האסט מורא, אז קיינער זאל עס גיט מערקען. און קיינער מערקט עס טאקע ניט... „קיינער

ניט" — הייסט אבער נאך ניט דיין אייגען ווייב. זי מערקט עס גלייך, כאטש זי ווייס ניט ווער און וואס.

— וואס, דו ביזט פארליעבט?

— נו, געווים... אין דיר, מיין טייערע.

— א, מיך האסטו שוין לאנג ניט ליעב...

שמייכעל איך דאך. ווערט זי נאך בייזער:

— מיך האסטו גאר קיינמאל ניט ליעב געהאט, דו מיינסט, אז איך ווייס ניט?...

איך ווער א פארציטערטער. שטעלט זיך פאר, אזא בלבול! דא ווער איך מיין אייגענער אדוואקאט, איך פארטיידיג זיך מיט-טערהאפט, איך ברענג איהר דאקומענטאלע באווייזען: גע-דענקסטו יענע באנק און יענעם בוים? געדענקסטו יענע נאכט נאך דער אפערא? געדענקסטו, געדענקסטו?... זי אבער האט אלע פארגעסען... אזא קראנקהייט! און איך מוז זי היילען. איך לעש אויס דעם בליק פון יענער ווייטער און פרעמדער, וואס איז מיר אריינגעפאלען אין הארצען און באשלים ביי זיך, אז ס'איז בטל; גארנישט מיט גארנישט; ליעב האב איך נאר זי... מיין ווייב... זי איז אויף אייביג מיינע...

די שעלמע פארשטעהט עס... זי דערפיהלט עס... זי איז שוין ווידער געזונט.. זי שמייכעלט צו מיר, ווי דער הימעל נאך א רעגען...

און אמאל האט פאסירט, אז איך האב זיך געוואלט אפרוהען. עס איז געווען א זומער, נאך א שווערען ווינטער ארבייט. איך בין געווען גייסטיג זעהר מיעד. איך האב געוואלט פאהרען אין די בערג איינער אליין. געשטערט האט זי מיך ניט. פארקעהרט, זי האט מיר צוגערעדט; אבער זי איז ארומגעגאנגען און גע-מורמעלט:

„אליין ווערסטו זיך טאקע אפרוהען. און צו וואס זאלסטו מ'יך מיטנעהמען..."

איך ווייס שוין, וואס דאס הייסט. דאס הייסט, אז זי איז מיך חושד, אז מיט איהר פיהל איך זיך ניט גוט. עס איז אבער

געווען א ליגען. איך האב זי זעהר ליעב, נאר איך וויל א פאר וואכען ארומגעהן צווישען בערג און בענקען נאך איהר. ערנסט! א מענש וויל אמאל בענקען. איך זוך מיטלען, ווי אזוי דאס איהר צו ערקלעהרען, און אט אזוי ווערט זי די גאנצע וואך וואס איך קלייב זיך אוועקצופאהרען, מיין פאציענטין. ענדליך הייל איך זי דערמיט, וואס איך באשליס, אז מיר וועלעןביידע פאהרען, ווייל אהן איהר — פארזיכער איך איהר — וועל איך ניט אפרוהען... זי איז חושד, אז איך מיין עס ניט, זי ווערט אומעטיג, שלאגט זיך אליין מיט דער דעה, צי זי זאל מיטפאהרען, צי ניט.

נאטירליך פאהרט זי מיט. איך בין שוין גליקליך וואס זי פאהרט מיט. נאך אלע זאכען, האב איך זי דאך ליעב געהאט.

און אזוי איז געווען דאס גאנצע לעבען, וואס איך האב מיט איהר צוזאמען געלעבט: איך בין געווען ניט איהר מאן אליין, נאר אויך איהר דאקטאר; זי איז געווען מיין פאציענטין, שטענדיג האב איך געמוזט זיך צוהערען, וואס איהר געהט־אפ.

איצטער זיינען מיר געשיידט. דאס האב איך אויך געטאן, ווי א דאקטאר. איך גלויב איינגיכען זיך צוזאמענקומען מיט איהר. ווארים נאך אלע זאכען, איז מעדיצין אנגענעמער ווי אדוואקאטור... עס ווילט זיך אימיצען באהאנדלען, ווי א דאקטאר, האבען נאהענט נעבען זיך א פאציענטין.

און א שמייכעל טאענדיג מיט וועהטאג, האט ער פארענ־דיגט:

— ד א ס איז דאס לעבען...

# דער אומצופרידענער

ער איז א קארגער מענש. אבער א צייטונג קויפט ער אלע טאג. שלום מאכען מיט'ן געהעכערטען פרייז קאן ער דאך ניט: א צייטונג זאל קאסטען צוויי סענט! דערפאר איז ער זעהר שטרענג צו איהר, צו דער צייטונג הייסט עס, און קריטיקירט זי סיי אין דער היים פאר'ן ווייב און די עלטערע קינדער, סיי פאר באקאנטע.

דער עיקר איז ביי איהם די נייעס. א מענש איז ער א נייגע־ריגער און ער זוכט נאר נייעס. אבער די „שווינדלער", ווי ער רופט די צייטונג־מאכער, גיבען אזוי ווייניג נייעס! בלויז איין זייט. נאכדעם הויבט זיך אן די אנאנסען מיט די ארטיקלען. ארויסגע־ווארפענע געלד! פאר איין זייט נייעס נעהמען זיי צוויי פענים!... דערפאר וויל ער אויסשלאגען די הוצאות און לייענט שוין די אר־טיקלען אויך. א ברירה האט ער!

אבער, ווי געזאגט, דער עיקר איז ביי איהם די נייעס. ליעב האט ער צו לעזען וועגען א גרויסען אומגליק, א ריעזיגע קאטאס־טראפע — אז אין א שאכט איז פארגעקומען אן עקספלאזיאן און א צוויי הונדערט ארבייטער זיינען באגראבען געווארען לעבעדיגער־הייט.

— הערסט, חנה, צוויי הונדערט מענשען פארשאטען געווא־רען לעבעדיגערהייט... — רופט ער דאס ווייב — אי וועה, אי וועה, וואס עס טהוט זיך אויף דער וועלט... — זיפצט ער מיט הנאה...

די מלחמה איז איהם שוין נמאס געווארען. די ערשטע צייט האט געקאסט די צייטונג א פעני און עס איז געווען מעהר גע־הרג'עטע און פארוואונדעטע און געפאנגענע ווי די לעצטע צייט פאר צוויי פענים... טאמער זינקט מען דארטען וועלכע צוועלף, דרייצעהן שיפען א וואך, איז עס ניט אזוי וויכטיג... ער לייענט

עס איבער און גענעצט דערביי... אַט, די זינקונג פון דער לוזי־טאַניאַ איז געווען כדאי צו לייענען: אַרום צוועלף הונדערט מאַן זיינען דערטרונקען געוואָרען... דערצו אַזוינע בערען: מיליאָנע־רען, מענעדזשערס און אַזוי באַריהמטע לייט... די האָר האָבען זיך געשטעלט קאַפּויר... און דעמאָלט האָט די ציימונג געקאָסט אַ פּעני!

ער קעהרט און דרעהט די צייטונג פון אַלע זייטען, זוכט און נישטערט גרויסע אומגליקען. נאָר ניטאָ איז ניטאָ. אויפ'ן רו־סישען פראָנט איז כמעט ווי שטיל, ביי ווערדון איז אויך ניט אַהער און ניט אַהין, און די איטאַליענער אינטערעסירען איהם בכלל ניט, ווען זיי זאָלען אפילו נעהמען טריעסט.

אַט, ווען מען האָט גענומען אַנטווערפּען איז געווען געוואַל־טיג אינטערעסאַנט. אַ קלייניגקייט אַנטווערפּענער פעסטונג! און דעמאָלט האָט די צייטונג געקאָסט איין פּעני...

דער אַמעריקאַנער „פּריזידענט" איז אויך ניט אַזוי אינטערעסאַנט, ווי ער האָט געוואָלט... קיין זיהן, וואָס זאָלען דאַרפען געהן, האָט ער ניט. ער אַליין איז שוין אַ פופציגער, און ווי שמאָל עס זאָל ניט האַלטען, וועט ער בלייבען אין דער היים... די „נאָטעס", וואָס זיי שרייבען זיך איינע די אַנדערע, זיינען פאַר איהם צו לאַנג און, דער עיקר, צו שווער: אַזוינע הויכע פראַזען. און ער ווייס ניט וואָס פאַרלאַנגען זיי. דוקא אייביגע פרידען... וואָס וועט זיי שאַדען, אַז מען וועט איצט סטאָפּען די מלחמה, זיך אָברוהען צוואַנ־ציג יאָהר און אין צוואַנציג יאָהר אַרום וועט מען זיך ווידער שלאַ־גען דריי יאָהר? עס איז דאָך אַלץ בעסער ווי שלאָגען זיך איצט נאָך דריי יאָהר ניט אָפּגערוטהערהייט. זיי אַ חכם און פאַרשטעה עס... דערפאַר אינטערעסירען איהם ניט די אַלע נאָטעס...

בלייבט די רעוואָלוציע אין רוסלאַנד. איז זי געווען בלויז די ערשטע פאַר טעג אינטערעסאַנט. יענע צייטונגען זיינען טאַקע ווערטה געווען צוויי פּענים... אָבער איצט איז אַלץ איבערגע־קייטע רייד. בפרט, אַז ער קען בשום אופן ניט פאַרשטעהן, ווער זיינען די באָלשעוויקעס, און ווער זיינען די לעניניסטען... און ביידע געהען איהם אָן, ווי דער פאַראַיאָהריגער שנעע... צוריק

קיין רוסלאַנד וועט ער סיי־ווי־סיי ניט פאָהרען, מעג זיך דאָרטען נאָך דער מלחמה אפילו וואַלגערען גאָלד אין די גאַסען...

קעהרט ער די צייטונג איבער גאָר אויף דער אַכטער זייט. דאָרטען פאַרוואַלגערט זיך אַמאָל אַן אינטערעסאַנטער זעלבסט־מאָרד... ער אַליין האַלט אפילו ניט שטאַרק פון זעלבסטמאָרד. אָבער די אורזאַכע וואָס עס האָט געבראַכט צום זעלבסטמאָרד איז אַמאָל גאַנץ טשיקאַווע...

די לעצטע צייט זיינען אָבער די זעלבסטמאָרדען גאָר ניט אינטערעסאַנט. עס באַגעהען זיי אַזוינע קליינע, ניט אינטערע־סאַנטע מענשעלאַך... בשעת דעם גרויסען קריזיס זיינען באַגאַנ־גען זעלבסטמאָרד גרויסע מיליאָנערען — דאָס איז געווען וויכטיג! און דעמאָלט האָט עס געקאָסט בלויז איין פעני...

דרעהט ער אַזוי די צייטונג עטליכע מאָל אין טאָג און נאָכ־דעם ווי ער האָט איבערגעלייענט וועגען אַלע אומגליקען אויף דער גרויסער וועלט, צוגענעצט ער זיך ברייט און מורמעלט:

— פוסטע נייעס!...

און אין אַ ווייל אַרום סטראַשעט ער די וועלט:

— איך וועל סטאָפּען צו לייענען... אַ שאַד צוויי סענט!...

# דער פאַרקליידעטער

גערווידמעט משה נאַדיר.

מיט אַן אינערליכען שטאָלץ און מיט אַן אויסערליכען שמייכעל פּלעגט איזאַק ראָוז אַריינקומען אין טעאַטער. ער האָט געהאַט מיט וואָס צו שטאָלצירען: אַ הויכער, אַ שלאַנקער און שטענדיג עלעגאַנט געקליידעט. דערצו — און דאָס איז די הויפּט־אורזאַך — איז ער געווען אַ גייסטרייכער מענש. זיינע אַרטיקלען וואָס ער שרייבט, זיינען פול מיט הומאָר, שאַרפזין און געפיהל. זיין געשמאַק איז אויסגעפיינט אויף דער העכסטער שטופע. אין פאַרלויף פון אַ קורצער צייט האָט ער זיך געמאַכט אַ נאָמען און ניט נאָר איינעם, נאָר צוויי. ער שרייבט אונטער צוויי נעמען און ביידע נעמען זיינען פּאָפּולער און באַליעבט, יעדער אויף אַן אַנדער אופן. און כאָטש די לעזער ווייסען, אַז אונטער די ביידע נעמען פיגורירט א י י ן מענש, האָבען זיי ליעב געהאַט די ביידע... מאַנכעסמאָל פּלעגט ער שרייבען אונטער אַ דריטען נאָמען, האָט מען איהם גלייך דערקענט און איהם דריי מאָל ליעב געהאַט...

אָבער דער באַליעבטסטער נאָמען איז געווען יענער, וואָס האָט זיך געצייכענט אונטער די אַרטיקלען וועגען טעאַטער. אָנגעהויבען האָט ער עס צופעליג. דער קריטיקער פון דער ציימונג איז אוועק אין ביזנעס, און ביז מען האָט געקראָגען אַ צווייטען, האָט דער רעדאַקטאָר געבעטען ראָוז'ן פאַרטרעטען זיין שטעל. ראָוז האָט אַ שמייכעל געטאָן און אַנגענומען: „איהר ווילט ווענען טעאַטער — מהיכא תיתא, איך זשאַלעווע אייך ניט מיין טאַלאַנט — איך האָב איהם גענוג".

דער ערשטער אַרטיקעל איז ניט געווען קיין קריטיק, נאָר אַ געזאַנג... כאָטש ניט געגראַמט און אָהן אַ משקל, אָבער עס האָט

זיך געלעזען ווי א ליעד, ווי א מאדערנע ליעד... עס איז געווען בארוישענד און עס האט זיך געוואלט נאך און נאך...

האט ער געריהמט דאס שטיק, צי געטאדעלט — עס איז קײנעם ניט אנגעגאנגען, ניט די לעזער, ניט די טעאטער־לײט. די פרימאדאנא אלײן, וואס איז שטענדיג געווען נאר צו קאמפלימענטען, און וואס אפילו דער כמורנער מענעדזשער, האט ניט געוואגט זײן שטרענג צו איהר, און צוליעב איהר פלעגט ער מוזען פון צײט צו צײט א שמײכעל טהאן — אפילו זי איז געווען ענטציקט פון דער ערשטער קריטיק, כאטש קײן אײן לויב־ווארט איז וועגען איהר ניט געווען...

דער געשווארענער טעאטער־קריטיקער, וואס איז ארײן אין ביזנעס, אזוי שוין דארט פארבליבען: די ביזנעס זײנען צו גוט געגאנגען און ער האט שוין גאר פארגעסען, אז עס איז דא אויף דער וועלט א ליטעראטור מיט א קונסט... קײן צווײטער קריטיקער האט זיך ניט געמאכט אונטער דער האנד און דערצו, ווי געזאגט, איז ראוז'ס ערשטע קריטיק געווען אזוי געלונגען, אז מען וואלט שוין אין יענער צײטונג קײן אנדער קריטיק אין מויל ניט געקענט נעהמען — און איזאק ראוז איז, ווילענדיג ניט ווילענדיג, געבליבען דער קריטיקער פון טעאטער.

אבער, וואס די טעאטער־לײט האבען איהם געקאנט מוחל זײן דאס ערשטע מאל, האט מען דאס צווײטע מאל שוין דורכגערעדט צווישען זיך: ער איז שוין צו פרײ מיט דער פען... דער כמורנער מענעדזשער האט זיך שוין פארגעסען צו שמײכלען אפילו צו דער פרימאדאנא, און דער גרעסטער „שטערען" פון אידישען טעאטער האט גענומען בענקען נאך אמאליגע גוטע צײטען און האט זיך אנגעהויבען נאכצופרעגען אויפ'ן קריטיקער, וואס איז אוועק אין ביזנעס און פאר וואס ער קומט ניט צוריק... זאל ער שוין קומען צוריק, ווײל די געפאהר איז צו גרויס.

אין אמת'ען אבער איז די געפאהר ניט אזוי גרויס געווען. די נײע קריטיקען פון ראוז זײנען געלעזען געווארען פון ליטעראר מבינים און די האבען סײ־ווי־סײ געהאט תרעומות אויפ'ן טעאטער

און פלעגען עס באזוכען ביי זעלטענע פאלען. וואס אנבאטרעפט די בריימע מאסען, האבען זיי איסאק ראוז'ס ארטיקלען ווייניג געלעזען, און די, וואס האבען יא געלעזען, האבען עס ווייניג פארשטאנען. עס איז פאר זיי געווען שווערער ווי תרגום... געמערקט האבען זיי יא, אז דער דאזיגער „חברה־מאן" איז עפעס ניט צופרידען — ער לאכט גאר פון דעם, וואס טאנצט און זינגט. וואס דען זאל אן אקטיאר טאן? נאכאנאנד רעדען איז דען בעסער?

עס איז די טעאטער־לייט מעהר געגאנגען אין אמביציע. זיי זיינען ניט געוועהנט געווען דערצו: לויטער חסרונות. א קריטיקער זאל ניט אפשאצען קיין איין שעהנעם אידישען מענצעל, קיין איין שעהן אידיש לידעל... א קריטיקער, און נאך א איד דערצו, זאל זיך וואגען לאכען פון א ספר־תורה... מען לאזט זיך קאסטען געלד און מען באפוצט זי מיט כתרים און אלערליי זיידענע מענטעלאך און מען האפט, אז די קריטיק וועט אריינקומען אין התלהבות — א קליינינקייט א ספר־תורה אין געלד און זיידענס! און טאנצען מיט איהר טאנצט ניט קיין אנדערער, ווי דער גרויסער „שטערען" אליין — געפעלט עס איהם ניט! מאכט חוזק פון א ספר־תורה!...

אבער דאך האט מען ראוז'ן א לענגערע צייט געדולדעט. נאך אלעמען, ווייס מען דאך ניט גענוי, צי ער מאכט טאקע חוזק, צי שאדען די ביזנעס, צי גלאט ער וויצעלט זיך אהן זייטיגע כונות, ביז וואנען מ'האט איהם געכאפט ביי דער האנד: ער מיינט צו מאכען א רעוואלוציע אין אידישען טעאטער, ער וויל די טענץ און די לידער ארויסווארפען, די דראמע זאל האבען א זין, א גאנצקייט, זי זאל ניט זיין געשטוקעוועט, און דער עולם זאל ארויס פון טעאטער א פארטראכטער...

דא שטעקט שוין ווירקליך א געפאהר! דערצו מוז מען אננעהמען מיטלען.

נאכגעבען דעם קריטיקער און אויפפיהרען אזוינע שטיק, ווי ער לעגט פאר, איז אוממעגליך. ערשטענס, זיינען זיי ניט שטארק בנמצא אין היינטיגער צייט. אמאל איז געווען א שעקספיער, א

גארדין — זיינען זיי ביידע געשטארבען. דער מענעדזשער גע־דענקט ניט ווער עס איז פריהער געשטארבען. גארדינ׳ס לויה גע־דענקט ער, אבער שעקספיער׳ס קען ער זיך ניט דערמאנען...

און צווייטענס, אויב מען קריגט שוין יא אמאל אזא סארט סחורה׳לע, ווי ראוז פאדערט, און מען פיהרט זי שוין אויף, איז אין טעאטער — אז אומעט... דער עולם הוסט, ניסט און שנייצט נאכאנאנד די נאז — אלע קריגען דעם קאטער. מעג מען עס אויפ־פיהרען אין די שעהנסטע ועטערען! און דערצו מעג זיין ווי „פול דאס הויז" איז די קאסע אלץ פוסט. ס׳איז עפעס ניטא קיין מזל־ברכה אין דעם דאזיגען מין דראמע... עפעס אזוי ווי עמיצער וואלט פארשאלטען!...

מוז מען זוכען אן אנדער מיטעל:

פארוועהרען דעם דאזיגען חברה־מאן אריינצוקומען אין טע־אטער. לויט׳ן „לאא" טארען זיי איהם ניט ארויסווארפען, אז ער כאפט זיך שוין אריין, אבער ניט אריינלאזען, האבען זיי דאס פולע רעכט...

אן אומאנגענעהמער מיטעל, אבער א דורכפיהרבארער. ביי׳ן אריינגאנג שטעהען גאנץ שטארקע יונגען. נאטירליך, וועט מען ראוז׳ן ניט שלאגען. ער וועט ניט טרייבען דערצו: מען קען ניט אריינגעהן און געננוג...

דאס ערשטע מאל האט ראוז זיך דערפיהלט אליין אין א קאמישער לאגע... כאטש נעהם און לאך פון זיך אליין! אבער עס איז ניט צום לאכען. ראוז׳ן האט שוין די פראגע וועגען טע־אטער צופיעל פאראינטערעסירט. אויב קעמפען — איז ביז׳ן סוף!

ער איז אויף מארגען אוועק צו זיין פריינד, דעם יונגען אק־טיאר ב ע ר ג.

— בערג! זיי לאזען מיך ניט אריין...

— איך האב שוין געהערט! — האט בערג, אליין אן אומ־צופרידענער פון טעאטער, מיט א טרויעריגען שמייכעל מיטגע־פיהלט.

— נו... און וואו איז עטיק? — איז ראָוז דאָס ערשטע מאָל ערנסט געוואָרען.

— עטיק? איהר זוכט ביי מענערזשערס עטיק?... זוכט בעסער א מיטעל, ווי יאָ אריינצוגעהן. זיי שפּילען שוין ווידער עפּעס אזוינס, וואָס איז לויטער טענץ און געזאַנג און טרעהרען... מען לאַכט און מען וויינט... איהר זעהט דאָך, אז איך בין פריי. גאָט האָט מיר געבענשט מיט א פונק, נו, געה איך אום לעדיג... א פרייער מענש...

— איך וועל זיי פארניכטען! — האָט ראָוז אויסגערונערט, פארשטעלענדיג זיך שוין אין דער פאַנטאַזיע, וואָס פאַר א מין שטיק דאַרטען קומט פאַר און דער טאַלאַנטפולער בערג וועט מוזען לאַנג וואַרטען אויף זיין צייט...

— אפריהער געהט אריין, נאָכדעם וועט איהר זיין א בריה...

— האָט בערג איראָזינירט.

— איז גאָר קיין עצה ניטאָ?...

— סיידען פארשטעלען זיך. — האָט בערג געשמייכעלט. באַלד אָבער איז ער ערנסט געוואָרען און זיך אָנגערופען:

— ווירקליך, פאַרשטעלען זיך... איך וועל אייך גרימירען...

ראָוז האָט זיך אָן דער אידעע אָנגעכאַפּט.

די פראַגע איז נאָר ווי אזוי...

— מאַכט פון מיר עפּעס א לייטישען מענשען — האָט ער באַקומען צוריק זיין הומאָר...

— ווילט איהר ווערען א בוטשער?...

— א בוטשער... דאָס איז שוין צופיעל... מאַכט מיר פאַר א סטאָר־קיפּער, א קרעמער, וואָס מאַכט א דרייסיג דאָלאַר א וואָך און געהט איין מאָל אין א שמיטה אין טעאַטער...

— א סטאָר־קיפּער? — האָט בערג זיך פאַרטראַכט, — א סטאָר־קיפּער איז אין טעאַטער א זעלטענער גאַסט... זיי וועלען אייך באַמערקען...

— מאַכט מיר פאַר אַן אַלרייטניק... אַז ערשט אויפגעקו־

מענער — האט ראוז פארגעשלאגען, — דאס איז דאך די רעגעלע סחורה.

און בערג האט זיך גענומען צו דער ארבייט: גרימירען דעם קריטיקער...

אין א האלבע שעה ארום איז פון ראוז'ן גארניט געווארען. ער האט זיך פארוואנדעלט אין אן אומבאשטימטע באשעפעניש.

ער האט א קוק געטהאן אין שפיגעל און זיך דערפיהלט אומ־היימליך.

— איך האב מורא פאר זיך אליין! — האט ראוז געמור־מעלט און ער האט דערפיהלט א קעלט.

— מוטיג, פריינד! — האט בערג, וועלכער איז שוין גראד געווען אין גוטען הומאר — געקלאפט ראוז'ן אין פלייצע — קעמפט!...

— ווי אזוי זאל איך קעמפען, אז איך בין אן אלרייטניק?... בערג האט געשמייכעלט.

— ווירקליך, א ריכטיגער אלרייטניק... עס וועט אייך עפע־נען ברייט די טירען פון אונזער טעאטער.. מען וועט פאר אייך טאנצען און שפרינגען... זינגער און וויינען... איהר וועט פאר אייער דאלאר האבען גענוג...

— זאל איך, הייסט עס, קויפען א טיקעט אונטען...

— געוויס אונטען... אויב אויף דער גאלעריע, מוזט איהר זיך פארקליידען פאר אן ארבייטער... כאטש דארטען אלס קריטי־קער וואלט אייך בעסער געפאסט: די ביסעלע מבינים, וואס זיינען נאך דא, זיינען צווישען די ארבייטער.

— טא לאמיך שוין זיין אן אלרייטניק היינט ביינאכט — האט ראוז געשמייכעלט. איך וויל פארזוכען דעם טעם פון זעלבסט־צופרידענהייט... עך, איך פיהל מיך שוין טאקע גאר גוט...

* * *

ניט גאר אהן שרעק איז ראוז געשטאנען ביי דער קאסע און געקויפט א דאלארדיגען סיט. דער קאסיר אבער, שטארק ביזי, האט אפילו ניט אריינגעקוקט איהם אין פנים אריין. ראוז, וואס

איז געוועהנט געווען צו דעם שטענדיגען שמייכעל, ווען ער פלעגט צוגעהן צו דער קאסע נעהמען א טיקעט גאר אהן געלד, האט זיך דערפיהלט אביסעל ווי געפאלען... א מענש ווי אלע מענשען... הינטער איהם איז געשטאנען א רייהע און געווארט אויפ'ן נעקסט. ער האט געווארפען אויף דער רייהע א דורכדרינגליכען בליק און געוואלט א שמייכעל טהאן, ער האט אבער מורא געהאט צו שמייכלען, מען זאל איהם ניט דערקענען אונטער'ן גרים, און ער האט אויף זיך אנגעצויגען אן ערנסטע מינע.

צוגעהענדיג צום אריינגאנג, האט ער זיך פארגעסען ווידער ווער ער איז איצטער. דער מאן, וואס נעהמט אפ די טיקעטס האט איהם שטרענג פארשטעלט דעם וועג:

— מיסטער, אייער טיקעט!

ראוז האט פול מיט רעספעקט צו דעם דאזיגען מאן דערלאנגט דעם טיקעט. דער מאן האט א האלבען צוגענומען פאר זיך, ווי צום אנדענקען, און דאס אנדערע העלפט שנעל אריינגערוקט אין ראוז'ס האנד, אויף ראוז'ן אליין אפילו זיך ניט אומקוקענדיג.

איבערגעהענדיג אלע שבעה מדורי גיהנום, האט ראוז ענדליך געקראגען זיין פלאץ — עס איז געווען די דרייצעהנטע רייהע... געזעסען איז ער צווישען צוויי אידען, וואס איינער האט אויסגעזעהן פונקט ווי ער, דער פארגרימירטער ראוז, מיט א קליין שפיציג, פארשווירען בערדעל און גרויסע וואנסעס...

ראוז'ן האט זיך געוואלט פרובען א ציה טהאן יענעם פאר'ן בערדעל און איבערצייגען זיך. אבער אנשטאט דעם האט ער א ציה געטאן זיינס. זי איז געווען איינגעפונדעוועט און זיך געהאלטען.

און איהם האט זיך געדאכט, אז ער איז שוין ניט ראוז, נאר פונקט ווי דער, וואס זיצט נעבען איהם. ער האט זיך געווענדעט צום שכן:

„עפעס א רעכטע שאו?"

דער שכן האט אויפגעהויבען די אויגען, באטראכט ראוז'ן, און געפינענדיג, אז ער זעהט אויס ווי א לייטישער מענש מיט

וועלכען מען קען זיך דורכשמועסען, האט ער ברייט געענטפערט:

— מען זאגט, אז עס איז זעהר א וואוילע שאו. ווייס איך, מען וועט זעהן... נאר עפעס דויערט עס ביי זיי צו לאנג.

ער האט ארויסגענומען א גרויסען גאלדענעם זייגער פון וועסט־טאש, אנגעקוקט ווידער ראוז׳ן, צי מען מעג מיט אזא גאלדענעם זייגער רוהיג זיצען נעבען אזא שכן — און איבערצייגענדיג זיך, קענטיג, אז יא, האט ער פראטעסטירט:

— שוין האלב נאך אכט... וואס האלטען זיי אונז?...

באלד אבער האט איהם די קאפעליע פארמאכט ס׳מויל מיט א הילכיגען מארש.

דער מארש איז געווען פון דער באריהמטער אפערעטע „דער אידישער יחוס" און איז געווען זעהר לעבעדיג. איבערהויפט האט געארביים די פויק מיט די טאצען...

דער שכן האט אינגאנצען געשיינט פאר נחת:

— א פיין שטיקעלע! — האט ער זיך געווענדעט צו ראוז׳ן.

ראוז, א פארגרימירטער פון קאפ ביז די פיס, האט זיך דער־פיהלט עפעס גאר אן אנדערער. ער איז ווי אריין אין זיין ראל, פונקט ווי דער גרויסער קינסטלער אויף דער ביהנע. ער האט זיין העלד דורכגעלעבט. איהם איז אויך דער דאזיגער מארש שטארק געפעלען געווארען, און ער האט זיך שוין באגייסטערט:

— א זעלטענער ניגון!

דער מארש איז ענדליך אויסגעגאנגען מיט א קנאק. דעם לעצטען טאן האט געגעבען די פויק. עס האט געהאט דעם זי־בעטען חן... דער שכן — א מאן מיט התלהבות — האט אפלאָ־דירט.

האט איהם ראוז נאכגעטהאן און נאך שטארקער אפלאָ־דירט.

דערזעהן אז צוויי אידען אפלאדירען, האט די געגענאיבער־דיגע רייהע געהאלטען פאר איהר ערלקייט אויך צושטעהן, און די קאפעליע האט געקראגען א גוואלדיגען אפלאוז.

דאס האט די מוזיקער ערמונטערט. דער קאפעלמייסטער

האט זיך אומגעקעהרט מיט'ן פנים צום פובליקום און זעהר חנ'עוו־דיג פערנויגט זיך און האט זיך צוריק אומגעקעהרט מיט'ן פנים צו דער ביהנע און געגעבען מיט'ן שטעקעלע א באפעהל צו די מוזיקאנטען. עס האט געהייסען: אויפ'ן פארלאנג פונ'ם פובליקום נאך עפעס.

אבער דא האט זיך ווי פון א כשוף אויפגעהויבען דער פאר־האנג.

ראוז האט א קוק געטאן אויף זיין שכן. יענעמ'ס אויגען האַ־בען געלויכטען...

אויף דער ביהנע איז געווען א גן־עדן. בוימער און בלומען. פון ווייטען האבען זיך געטוליעט פויערשע הייזלעך און ארום און ארום איז געווען דאס פאלק, פויערים און פויערטעס, אלע אין רויטע מלבושים מיט גרינע גארטלען, און צווישען די אלע איז געשטאַ־נען איין איד אין בארד און פאות און גע'טענה'ט מיט זיי אויף אידיש. דערנאך האט דאס דאזיגע פאלק געזונגען און דער איד האט זיי אלע איבערגעזונגען...

און נאכדעם האט ער זיך אוועקגעלאזט אין א טאנץ...

ראוז האט ווידער באטראכט דעם שכן. יענער איז געווען שוין ערגיץ ווייט... איינגעזאפט זיך מיט די אויגען אין דער ביהנע אריין, האט ער לאנג זיי ניט געקאנט אוועקרייסען...

האט דאס אויף ראוז'ן אזוי געווירקט, אז ער אליין האט זיך אויך שטארק פאראינטערעסירט, זיך פארגעסען, אז ער איז א קריטיקער, וואס האט זיך אהער אריינגע'גנב'עט כדי ארונטער־צורייסען. ער האט זיך דערפיהלט ווי איינער פון פובליקום, וואס איז געקומען צו פארגעסען זיך און מעהר איז ער גאר ניט אויסען...

דער אנהויב פון צווייטען אקט איז שוין געווען א ווייגער־דיגער. פון די בוימער מיט די בלומען, מיט די יונגע פויערטעס איז קיין זכר ניט געבליבען — פארשוואונדען געווארען. געבליבען איז נאר דער איד... און דער דאזיגער איד האט געהאט גרויסע צרות און ער האט אויסדערצעהלט זיין הארץ פאר'ן פובליקום. דאס פובליקום האט איהם שטארק מיטגעפיהלט, אן עלטערע פרוי

האט געווישט א טרעהר פון אויג, און אז ראאוז האט א קוק געטהאן אויף זיין שכן, האט ער געמערקט, ווי יענער איז אויך ניט קיין גזלן... וויינען וויינט ער ניט, אבער דאס פנים אין אין גאנצען פארטרויערט. האט ראוז אויך דערפיהלט טרויעריג. דער גורל פון דעם אידען דארט אויף דער ביהנע האט איהם געריהרט, און ער האט א זיפץ געטאן פון טיפען הארצען.

די צווייטע העלפט פון אקט איז שוין געווארען ווידער לע־בעדיג... עס האט זיך ארויסגעוויזען, אז דער איד איז גארניט אזוי אומגליקליך, ווי מען האט געמיינט, און ארים אודאי ניט, וואָרים ווען ער וואלט געווען ארים, וואלט ער דאך ניט געהאלטען קיין משרת און א דינסט־מיידעל... דאס דאזיגע פארעל איז גע־ווען זעהר לוסטיג... דער משרת האט זיך די דיענסטמיידעל ער־קלעהרט אין ליעבע מיט פארשיידענע ווערטלעך. זי האט איהם צוריק אפגעענטפערט. דער עולם האט געלאכט פון גאנצען האר־צען. עס איז געווען א זעלענע פארעל.

ראוז האט זיך אין גאנצען פארגעסען אז זיין פארגאנגענ־הייט. דאס שטיק האט איהם פארכאפט.

ער האט זיך דורכגעשמועסט מיט'ן שכן:

— זיי קענען שפיעלען!

— א שאלה צי זיי קענען! איהר ווייסט ווער עס שפיעלט דעם משרת?...

— ווער? — האט ראוז ווירקליך ניט געוואוסט.

און דער שכן האט אנגערופען א נאמען...

— אזוי?! — האט ראוז זיך באגייסטערט — ער אליין טאקע, שווער צו דערקענען, ער האט זיך צו שטארק פארגרימירט...

— אט דאס איז דאך טאקע דער קונץ, — האט דער שכן בתמימות געענטפערט.

* * *

ביי'ן שלוס פון פיערטען אקט האט זיך ראוז שוין צוטומעלט... ער האט א ציה געטאן דאס שפיציג בערדעל — עס איז געזעסען פעסט אויף זיין קיהן...

דער שכן האָט איהם איבערגעשלאָגען:

— וואו וואוינט איהר, מיסטער?

— איך? איך?...

ער האָט זיך פאַרגעסען אין דער מינוט וואו ער וואוינט...

— און וואו וואוינט איהר? — האָט ער צוריקגעפרעגט, צו באַפרייען זיך פון אַ שנעלען ענטפער...

— איך וואוין אין האַרלעם...

— אין האַרלעם, אַזוי? אין האַרלעם... כ'האָב דאָרט אויך געוואוינט. שוין לאַנג.

דערווייל האָט ער זיך דערמאָנט וואו ער וואוינט. ער האָט זיך פאַרשעמט, וואָס ער האָט געקאָנט פאַרגעסען, און איז אַרויס גלייך נאָכ'ן שלום פון טעאַטער אַליין...

געהענדיג אַהיים האָט ער געפיהלט, ווי דער כעס אויפ'ן טעאַטער איז איהם אַריבער; ער האָט פאַרבראַכט פאַר איין דאָלאַר דריי שטונדען און זיך באמת אַמוזירט...

# אין טריין

## 1

### ניט מעהר ווי א מענש.

**איך בין געזעסען אין טריין, וועלכער איז געגאנגען אין די בערג.**

אזוי ווי ער האט געפיהרט נישט קיין ביזנעס־לייט, וואס איילען זיך תמיד, איז ער ניט געלאפען משוגע'נערוויז, ווי די איבריגע טריינס, נאר ער איז געגאנגען גאנץ געלאסען. עס האט זיך געדאכט, אז דאס איז א טריין, וואס איז שוין געקומען אין די יאהרען, און האט זיך ענדליך איבערציינגט, אז צופיעל יאגען איז ניטא צוליעב וואס; דער וועג פון לעבען איז אזוי אויך קורץ. צו וואס זאל מען איהם אזוי שנעל דורכלויפען און ניט זעהן די פיעלע שעהנהייטען, וואס געפינען זיך ביים וועג?

דער טאג איז געווען א הייסער. די פענסטער זיינען געווען אפען. ביי איינעם פון די אפענע פענסטער איז געזעסען א יונגע פרוי מיט א יעהריג קינד אויפ'ן שויס.

די מוטער איז געזעסען אויף דער נעקסטער באנק פון מיינער און איז אויסגעקומען צו מיר מיט'ן פלייצע. זי האט זיך גע־שפיעלט מיט'ן קינד, וועלכעס האט זיך געדרעהט מיט זיין פנים'על צו מיר. איך האב צו איהם א לוסטיגען וואונק געגעבען און דאס קינד האט אנגעהויבען פאר חדוה צו קוועלען און צו שפרינגען. ער איז געווען פול מיט ענטציקונג. איבערהויפט ווען איך האב פון טאש ארויסגענומען מיין קעסטעלע מיט סיגארעטס און איהם געצייגט. ער איז געווען אזוי איבערראשט, אז די בלאהע אויגעלעך זיינע זיינען געווארען פייכט פון גרוים וואונדער. די יונגע מוטער

אבער האָט דאָס אַלץ ניט באַמערקט, געמיינט, אַז דאָס קינד שפּיעלט זיך סתם און האָט עס געקושט.

ענדליך האָב איך באַמערקט, ווי דער מוטערס קאָפּ בויגט זיך אַלץ נידעריגער. קענטיג, אַז דאָס יעהריגע קינד לאָזט איהר ביי נאַכט ניט שלאָפען, און פאַרוויעגט פון רעגעלמעסיגען קלאַפּען פון טריין האָט זי איינגעדרעמעלט.

עס איז ניטאָ קיין מעהר ריהרענדעס, ווי צו זעהן אַ יונגע מוטער ווערט איינגעשלאָפען זיצענדיג מיט אַ קינד אויפ'ן שויס. דאָס הארץ ווערט דעמאָלט פול מיט ליעבע און גנעדיגקייט צו אַלע נאָטס באַשעפענישען און וואָלסט דעמאָלט געוואָלט שיצען די גאַנצע וועלט, מיט אַלץ, וואָס לעבט אין איהר און ליידט.

דאָס קינד, באַמערקענדיג ווי די מוטער שלאָפט, האָט אָנ־פאַנגם געשטעלט אַ פּאָר פאַרוואונדערטע אויגעלעך און זיך שטאַרק פאַרטראַכט, ווי עס פאַרטראַכטען זיך איבערהויפּט יעהריגע קינ־דער, ווען זיי דערזעהען פאַרמאַכטע אויגען... אבער אַזוי ווי ער איז געווען זאַט און די רייזע איז איהם געפעלען געוואָרען, האָט עס דער מוטער געלאָזען רוהיג שלאָפען און אַליין האָט עס זיך דערפיהלט אינגאַנצען באַפרייט פון דער מוטערס אַפּעקע.

דערזעהענדיג דורכ'ן פענסטער אַזאַ שעהנע בערגיגע און בויי־מערדיגע וועלט, האָט עס זיך גענומען ציהען מיט אַלע כחות צום פענסטער. אַט איין רגע, און דאָס קינד וואָלט זיך מיט גרויס פרייד ארויסגעוואָרפען דורכ'ן פענסטער. אַזוי איז איהם געפע־לען געוואָרען גאָט'ס שעהנע וועלט!

איך האָב מיר דערפיהלט פאַראַנטוואָרטליך און האָב זיך גענומען היטען דאָס קינד, צוהאַלטענדיג עס פאַר'ן העמטעל. דער־ביי האָב איך מיר באַמיהט ניט אויפצואוועקען די מוטער, וועלכע איז שוין שטאַרק איינגעשלאָפען.

אַזוי איז פאַראיבער ביי אַ האַלבע שעה. איך בין שוין מיעד געוואָרען פון היטען דאָס קינד, עס זאָל ניט ארויספאַלען דורכ'ן פענסטער. פון דער צווייטער זייט אבער איז מיר געווען די אַרבייט אנגענעהם. איך האָב מיך געפיהלט ווי איינער, וואָס

טהוט עפעס שעהנעם און ניצליכעס, כאטש ער וועט דערפאר קיינ־מאל, קיינמאל ניט באלוינט ווערען, קיין דאנק ניט באקומען...

ענדליך, אז דאס קינד האט זיך א צו־שטארקען ציה געטהאן צום פענסטער און איך האב עס צוריק א שלעפּ געטאן, האט זיך ער צעוויינט. די מוטער האט גלייך ערוואכט. געכאפּט האט זי מיין האנד צווישען איהר און איהר קינד.

איך האב מיך פארשעמט און קוים ארויסגעשטאמעלט:

— אייער קינד האט געקאנט דורכפאלען דורכ'ן פענסטער... איך האב עס געהיט...

ניט באקומענדיג קיין ענטפער, האב איך מיט א שמייכעל זיך פארטיידיגט:

— מען איז דאך ניט מעהר ווי מענשען...

די מוטער האט אבער אנדערש מיין לעצטע פראזע אויסגע־טייטשט. זי האט זיך געכאפּט פאר'ן האלז, וואו עס איז געהאנגען א קייטעל מיט א זייגערעל, און נערוועז עס געזוכט...

ס'הייסט: מען איז דאך ניט מעהר ווי מענשען...

און זי האט זיך גענומען היטען דאס קינד מיט'ן קייטעל... ביידע זאכען זיינען איהר געווען גלייך טייער...

## 2

### „לייסענס"

קעגען איבער מיין זיץ אין וואגאן איז געזעסען א פּארעל. ביידע יונג: ער א יאהר צוויי־און־צוואנציג; זי א יאהר אכצעהן. זי איז געווען געקליידעט זומערדיג, לייכט. די זאקען פון דורכ־זיכטיגען זייד, די שיכעלעך — נאר אויף די ברעגען פון די פיס... ווייסע, לייכטע... ער איז געזעסען אהן א ראק און אפילו אהן א קראגען און האלזטוך. דאס העמד איז אבער געווען פון זייד.

געהאט האט ער א זאטען, נאכלעסיגען אויסדרוק. אבער ער איז ניט געזעסען לעדיג. ער האט זיך מיט דער יונגער אכצעהנ־יעהריגער מיידעל געשפּיעלט. דא האט ער זיין קאפּ אוועקגע־

לעגט אויף איהרע קניע, דא האט ער איהר קאפּ אוועקגעלעגט אויף זיינע קניע. און פּלוצים האט ער קאלטבלוטיג אראפּגע־כאפּט דאס שיכעל פון איהר רעכטען פוס און זיך געשפּיעלט מיט איהרע פינגער, וואס האבען ארויסגעקוקט פון דעם דינעם, דורכ־זיכטיגען זיידענעם זאק.

עס איז געווען פּריקרע און קאמיש. פון דער צווייטער זייט — אינטערעסאנט די זאנדערבארע פרייע האלטונג. זיינען זיי אזוי יונג און נאאיוו, אז זיי ווייסען ניט, אז אויסער וואס עס איז ניט שעהן פאר מענשען אין די אויגען אזוי אפּען צו פיהרען „ליעבערייען", פארבאט עס פשוט דאס געזעץ.

ווען איך בלייב אליין מיט איהם וואלט איך איהם אויפ־מערקזאם געמאכט: „מיסטער, עס איז ניט שעהן!..."

און ענדליך האט מיר געגאלטען. ארויסגעהענדיג אין סמוקינג קאר צו פאררויכערען א סיגארעטעל, איז ער אויך אין א ווייל ארום אהין אריין, זיך אוועקגעזעצט מיר געגענאיבער און רוהיג פאררויכערט.

איך האב אויף איהם געקוקט. ער אויף מיר. איך האב ענדליך א שמייכעל געטאן.

— וואס שמייכעלט איהר? — האט ער קאלט געפרעגט.

— הם... איהר פיהרט זיך גאנץ פריי מיט אייער געליעבטע.

— איך מעג... — האט ער נאך רוהיגער געענטפערט.

— ווארום?

— איך האב „לייסענס".. די ווארד ארויסגענומען.

איך האב איהם אנגעקוקט ערשטוינט.

ער האט פארטגעזעצט:

— איהר פארשטעהט: ביז מיט א וואך צוריק איז זי געווען מיין געליעבטע. איך האב זי שרעקליך ליעב געהאט. אבער שטעלט זיך פאר מיין לאגע, אז איך האב זי ניט געטארט קיינמאל א קוש געבען. איך האב זי איינמאל אין פארק, זיצענדיג אויף א באנק, א קוש געטאן, האט זיך ווי פון אונטער דער ערד באוויזען א פאָ־ליסמאן און האט אונז אוועקגעפיהרט אין סטיישאן. דריי דאלאר

האב איך באַצאָהלט. עס איז געווען באשריבען אין די פּייפּערס...

„באַגלייטענדיג זי אין אבענד אהיים, פלעג איך בלייבען מיט איהר שטעהן אין האָל, ניט קענענדיג זיך אזוי גיך שיידען. זעל־טען מיר פלעגט געלינגען זי א קוש טאָן. דאָ קומט אַן דער, דאָ קומט אַן יענער... דאָ דער דזשעניטאָר... בין איך בייז געוואָרען יענע וואָך און ארויסגענומען לייסענס... חתונה האָבען מיר נאָך ניט געהאַט. איך האָב בלויז לייסענס... אזוי ווי א פּעדלער האָט לייסענס, אַז ער מעג פּעדלען מיט באַנאַנעס און אַנדערע פרוכט, אַזוי האָב איך לייסענס, אַז איך מעג זיך מיט איהר קושען, אַז איך מעג אויסטאָן איהר שיכעל, און זיך שפּיעלען מיט איהרע פינגער, אַז איך מעג לעגען מיין קאָפּ אויף איהרע קניע... דאָס געלד, וואָס איך האָב באַצאָהלט פאָר די לייסענס איז ווערט, אבער קיין גע־נוס האָב איך ניט. איך טו עס מעהר אויף צו־להכעיס..."

— און זי?... — האָב איך זיך פעראינטערעסירט.

— זי — אויך דאָסזעלבע... פריהער האָט זי געברענט, און איצט איז זי אָפּגעקיהלט... עס איז ניט אינטערעסאַנט. לייסענס...

ער איז אנטשוויגען געוואָרען. האָט געצויגען דעם רויך פון סיגאַרעטעל אינווענינ, ארויסגעלאָזט אין דינע זיילעלעך און איז צוריק ארויס אין קאָר צו איהר.

ער האָט אוועקגעלעגט זיין קאָפּ אויף איהרע קניע און האָט זיך פּואַנדערגעגענעצט... זי האָט צוגעמאַכט די אויגען און איינ־געדרעמעלט...

איצט האָב איך שוין אויף זיי געקוקט מיט אַנדערע אויגען, ווי באַלד אַז זיי האָבען לייסענס, איז דאָך טאַקע אויף זיי א רחמנות. אַזוינע יונגע קינדער און שוין לייסענס!...

# דער פּאַטריאָט

זי איז ניט געגאַנגען, נאָר געשוועבט מיט קליינע גראַציעזע טריט, ניט אָנריהרענדיג דעם טראָטואַר.

ווי וואונדערבאַר זי איז געווען אין איהר גאַנג און אין איהר קלייד.

די קלייד איז געווען קורץ, ניט פיעל לענגער ווי איבער די קניע... די זאָקען זיינען געווען פון פיינעם, דורכזיכטיגען זייד.

ער האָט זי באַמערקט, געגאַנגען איהר אַנטקעגען און צוקומענ־דיג געזיכט אין געזיכט האָט ער, אומבאַקענטערהייט, אַ שמייכעל געטאָן פאַר ענטציקונג.

זי האָט זיך געוואָלט באַליידיגען, אָבער ס'איז קיין צייט ניט געווען צו טראַכטען, ווי אַזוי די באַליידיגונג אויסצודריקען, האָט זי איהם צוריק אַ שמייכעל געטאָן.

זי איז אַ ליעבעס, גוטעס ווע̇זען!

— ערלויבט מיר מיט אייך אַ פּאָר ווערטער צו ריידען.

זי האָט ווי אומצופרידען געגעבען די ערלויבניש.

— איהר פאַרשטעהט... אייער געזיכט איז אַזוי שעהן, אייערע אויגען זיינען אַזוי הימעלדיג־בלאָה, אָבער אייער קלייד איז צו קורץ... ענטשולדיגט פאַר מיין אָפענהערציגקייט...

זי איז רויט געוואָרען און זיך דאָך פאַרטיידיגט:

— עס איז ווירקליך פאַר שפּאָרזאַמקייט, מיין הערר, עס איז קריעגס־צייט!

ער האָט זיך באַגייסטערט:

— אַך, דאָס איז אַזוי שעהן! שפּאָרזאַמקייט, דאָס געפעהלט מיר. איהר זייט אַ טרייע טאָכטער פון לאַנד. געוויס, דאָס לאַנד לעבט איצט איבער אַ שווערע צייט. מיר מוזען שפּאָרזאַם זיין.

— יאָ, — האָט זי שטיל, אָבער מיט אַ געהויבענעם טאָן צו־געגעבן, — דאָס לאַנד ברויך זיך יעצט ניט וואַרפן צופיעל מיט מאַטעריע.

— אַך, געווים, געווים, — האָט דער פּאַטריאָטיש־געשטימ־טער מאַן אויסגערופן, און איינבויגענדיג זיך האָט ער ווידער באַטראַכט די קורצקייט פון איהר קלייד, און געפרעגט מיט גרוי־סען אַנטייל:

— וויפיעל שפּאָרט איהר איין?

— אַ גאַנצען אַרשין — צוויי דאָלאַר.

ער האָט זיך ווידער באַגייסטערט:

— דאָס איז שעהן, דאָס איז עהרליך. צוויי דאָלאַר! אין אונזערע שווערע צייטען איז דאָס אַ פאַרמעגען! איהר האָט מיך טיעף געריהרט מיט אייער אַנטייל נעהמען אין די שווערע דורכלעבונגען פון אונזער לאַנד. ווער קען עס אַזוי אָפּשאַצען ווי איך... אין אַזוינע שווערע צייטען מוזען מיר אַלע שפּאָרזאַם זיין.

ער האָט וואָס ווייטער דערפיהלט מעהר דאַנקבאַרקייט צו דער דאָזיגער באַשעפעניש, וואָס אויפ'ן קוק איז זי, דאַכט זיך, אַזוי ניט באַדייטענד, און דאָך ווייסט זי, מיט וועלכע מיטלען מען קאָן דינען דעם לאַנד אין קריעגס־צייט...

דערפאַר האָט ער באַשלאָסען, ניט אַזוי שנעל פאַרלאָזען זי אין דער לאַנגער, רוישיגער גאַס. איבריגענס איז שוין צייט אָבענד־ברויט צו עסען. ער וועט זי זיכער איינלאַדען.

— קאָן איך מיר נעהמען די ערלויבניש, אייך איינצולאַדען מיט מיר אויף אַ קליינעם אָבענד־ברויט?

— מיין הערר... איך קאָן דאָך אייך ניט.

— איך בין ניט אַזוי שלעכט, ווי אייער יונגע פאַנטאַזיע שטעלט זיך פאָר, — האָט ער גערעדט באַשיידען. — איינס פאַר־זיכער איך אייך, אַז מיין לאַנד מיט איהרע אינטערעסען בין איך טריי.

דאָס לעצטע האָט איהר געריהרט. זי האָט זיך אַראָפּגעבויגען ביז צו די שיך, באַמערקט אַז דאָס קליידעל איז ווירקליך צו קורץ,

האַט זי פאַרשעהמט די אויגען צוריק אויפגעהויבען און איינגע־וויליגט.

ער איז מיט איהר אַריין אין אַ רייכען רעסטאָראַן. ער האַט עס געטאָן בלויז אויס דאַנקבאַרקייט צו איהר, פאַר איהר שפּאַר־זאַמקייט אין שווערע צייטען.

ער האַט באַשטעלט אַ פלאַש ווייִן און געטרונקען פאַר'ן וואָהל פון לאַנד און פאַר די יעניגע פרויען וואָס ווייסען, ווי אַזוי זיך צו קליידען אין שווערע צייטען.

— ער איז ווירקליך אַ פּאַטריאָט! — האָט דאָס מיידעל באַ־שלאָסען און האָט שוין ניט קיין מורא געהאַט צו טרינקען אַביסעל וויין.

נאָך די איינינע געריכטען האָט ער זי געפרעגט:

— וועט איהר עסען נאָך אַביסעל פרוכט?

— אַ, צו וואָס פאַרשווענדען אויף מיר אַזוי פיעל געלט!.. — האָט זי גראַציעז פּראָטעסטירט.

— איהר האָט עס פאַרדינט... מיט אייער שפּאַרזאַמקייט, — האָט ער געריהרט אויסגערופען.

און ער האָט באַשטעלט אַ פלאַש שאַמפּאַניער.

זי האָט איהם אָפּגעהאַלטען.

— ניין, ניין! — האָט ער זיך צוריק געדרונגען — איהר מוזט טרינקען אַ גלאָז שאַמפּאַניער.

— פאַר וואָס קומט דאָס מיר, מיין גאָט? — האָט זי כלומר'שט ניט פאַרשטאַנען איהר גרויסען פאַרדינסט.

— פאַר דעם, וואָס איהר האָט איינגעשפּאַרט אַן אַרשין מאַ־טעריע! צוויי דאָלאַר אין שווערע צייטען! — האָט ער שוין אַביסעל באַרוישט ווערענדיג ערקלערט.

דער קעלנער האָט ענדליך דערלאַנגט דעם ביל.

— וויפיעל? — האָט זי זיך פאַראינטערעסירט.

— זיבעצעהן דאָלאַר. מיט טרינק־געלד דעם קעלנער איז דאָס צוואַנציג.

— אַזוי פיעל געלט! — האָט זי באַדויערט.

— מען קען זיך ניט העלפען... — האָט ער גוטמוטהיג גע־שמייכעלט, — ווען איהר, פרויען, הויבט אָן שפּאָרען, מוז עס אונז עפּעס קאָסטען... איבריגס, וועט נאָך קאָסטען אַן אויטאָ־מאָביל אַ פינפעריל...

— אַך! — האָט זי אויסגעשריען, און ער האָט ניט געקאָנט וויסען, צי בעדויערט זי, צי איז זי צופרידען.

אַלענפאַלס האָט ער זי באַרוהיגט, אַז זי האָט כשר פאַרדינט זיין פריינדליכקייט, ווייל דער ארשין מאַטעריע, וואָס זי האָט אָפּגעשפּאָרט, איז אַ טהאַט פון גרויסער באַדייטונג און ער מוז זי באַלוינען מיט'ן לעצטען גראַשען...

זי האָט פרום אַראָפּגעלאָזט די אויגען און געטראַכט וועגען דער נייער קלייד, וואָס זי וועט זיך לאָזען מאַכען...

זי האָט באַדויערט, וואָס קירצער ווי די קלייד, וועלכע זי טראָגט איצט וועט ניט קענען זיין. זי וואָלט אַזוי געוואָלט נאָך שפּאָרזאַמער זיין... דיענען דעם פאַטערלאַנד...

און זיצענדיג אין אויטאָמאָביל אָנגעלעהנט אָן זיין אַקסעל, האָט זי חנ'עוודיג געזיפצט אויף די שווערע צייטען...

# אַ פֿאָלק אין איין הויז

פֿון דרויסען זעהט אויס דאָס טענעמענט־הויז ווי אַלע איהרע שוועסטער־הייזער אין ׳דאון־טאון״. די זעלבע טונקעל־רויטע פֿאַרב פֿון איהרע ציגעל, דערזעלבער גאַניק מיט די עטליכע טרעפּ און דער זעלבער בייסמענט אונטען, מיט דעם געפֿעהרליכען אַראָפּגאַנג... מאַכסטו אָבער אַ שפּאַציר אין האָל און שטייגסט פֿון איין פלאָר אויפ׳ן צווייטען, דערזעהסטו ערשט, ווי אַזוי דאָס דאָזיגע הויז איז ניט קיין געוועהנליכעס, נאָר אַ סימבאָלישעס.

באַזיצענדיג געוויסע פּריווילעגיען פֿון אַ צייטונגס־מאַן האָב איך באַזוכט מאַנכע וואוינונגען. מאַנכע טירען בלויז אויפגעעפענט און אַריינגעקוקט אינעווייניג און דאָרט וואו עס איז געווען גע־שלאָסען, האָב איך יוצא געווען בלויז מיט די אויפשריפטען אויפ׳ן טיר.

און אַרום און אַרום האָט אויף מיר געמאַכט דעם איינדרוק, אַז דאָס דאָזיגע הויז שטעלט פֿאָר אין אַ מיניאַטור דאָס גאַנצע אידישע פֿאָלק מיט אַלע איהרע ריכטונגען, קעמפפֿע, שווערמונגען, האָפֿנונגען און גלויבערייען...

איז אַ ווינקעל אויף דעם ערשטען פלאָר איז געווען אַ חדר, וואו מען האָט געלערענט עברית־בעברית. דער „מורה״, אַ היי־מישער איד, מיט אַ באָרד, האָט מיט עטליכע סקוהל־אינגלעך גע־לערענט געוויסע כללים פֿון דער אַלטער העברעאישער שפּראַך און האָט זיי ערקלעהרט אין עברית בעברית, אַז כותל איז כותל, און האָט זיי געוויזען מיט די פֿינגער אויף דער וואַנט, און עס האָט אויסגע־זעהן, ווי ער רעדט צו דער וואַנט... די אינגלעך האָבען זיך צו־געהערט און ניט־צוגעהערט; עפּעס יאָ פֿאַרשטאַנען און עפּעס

ניט פאַרשטאַנען און אַלע ווײַלע האָבן זיי זיך איבערגעקוקט און תמ'עוואַטע געשמייכעלט.

געגענאַיבער איז געווען אַ חדר, וואו מען האָט געלערנט חומש אין דער אידישער איבערזעצונג... דער מלמד האָט שוין אויסגע־זעהן ווי אַ לעהרער, און פאַרטייטשט האָט ער דעם חומש אין ענג־לישען־אידיש: לשוח — צו וואָקען, בשרה — אין פעלד...

אויף אַ צווייטען פלאָר האָט זיך געפונען אַן אַקאַדעמיע פאַר קונסט. צוויי אידישע יונגע קינסטלער, באַגייסטערט פאַר דער אידעע צו שאַפען ביי אידען אַן אייגענאַרטיגע קונסט און אַנט־וויקלען טאַלאַנטען דוקא אין חוץ־לארץ, האָבען די דאָזיגע אַקאַדעמיע געעפענט מיט אַ קורצע צייט צוריק. די שילער אָבער אַר־בייטען אַלע ביי קלאָוקס, און אַזוי ווי ביי קלאָוקס איז דאָס יאָהר זעהר ביזי, איז די אַקאַדעמיע מעהרסטענטהייל לעער. אויף די ווענט הענגען אָבער אַ סך אָנגעהויבענע צייכנונגען פון ווירקליך באַגאַבטע יונגע לייט... זאָל זיך נאָר ענדיגען דער סיזאָן פון קלאָוקס, וועלען זיי די בילדער פאַרענדיגען. דערווייל אָבער הענ־גען די צייכנונגען ניט פאַרענדיגט און וואַרטען אויף זייער קינסט־לער צוזאַמען מיט די צוויי פראָפעסאָרען, ווירקליך טאַלאַנטפאַלע און העכסט־אידעאַליסטישע יונגע לייט, וועלכע זיצען אָפּ די באַ־שטימטע צייט אין דער אַקאַדעמיע און חלום'ען פון אַ סאַן מישעל און אַנדערע שענע ערטער אין פאַריז...

קעגענאַיבער דער דאָזיגער אַקאַדעמיע געפינט זיך ווידער אַ סטודיאָ, אָבער שוין ניט פון מאַלעריי, זונדערן פון מוזיק... דאָרט זאָל געלערנט ווערען פידעל־שפּילען, געזאַנג און אַנדערע מוזי־קאַלישע קלייניגקייטען. איז אָבער ווידער די אייגענע מעשה: דער סיזאָן איז אין רעכטען פלאַם און די שילער זיינען אַלע אין די שעפּער און אין די אָבענדען אַרבייטען זיי אַלע אָווער־טיים... דער־ווײַלע געהט דאָרט אַרום דער פּראָפעסאָר פון מוזיק מיט זיין פידעלע אין דער האַנט און גיסט אויס זיין בענקשאַפט פאַר די פיער ווענט פון דער סטודיאָ... און וואַרט אויף דעם „סלעק", ווען די תלמידים וועלען וויך ווידער צוזאַמענקומען...

אויפ'ן דריטען פלאַר זיינען די טירען פון צוויי געגענאיבער־דיגע „אָפּיסעס" פערהאַקט און פאַרשלאָסען. אויף איין טיר איז דאָ אַ שילדעל: טעריטאָריאַליסטען־ציוניסטען. אויף דער געגענ־איבערדיגער זייט, אויף דער צווייטער טיר: פּועלי־ציוניסטען־העברעאיסטען.ביידע טירען קוקען זיך אָן ווי דם־שונאים. דער־פאַר אָבער איז דאָ אַ דריטע טיר, וואו עס איז צוגעקלעפּט אַ שילד, אַז פון צייט צו צייט ערשיינען דאָ אינוועניג פּובליציסטישע ביכ־לעך, וואו עס ווערען אויסגעלאַכט ביידע טירען. די דאָזיגע בראָ־שורען, פון וועלכע איינע איז שוין ערשינען מיט אַנדערהאַלבען יאָהר צוריק, האָבען אַן אַנדער וועג פאַר'ן אידישען פאָלק — פאַר־איייניגען דעם יודענטום מיט'ן אַמעריקאַניזם און צושפּרייטען די אידען פון ניו יאָרק אין דער ווייטער וועסט, און די אידען פון דער ווייטער וועסט אַריבערשיקען קיין אַרגענטינאַ און בראַזיליען, און די אידען פון בראַזיליען באַזעצען אין אַלאַסקאַ...

אַ טיר אויף אַ העכערען פלאָר האָט געהאַט אַ שילד אויף אַ דיקען קאַרדאָן: יונגע אידישע סאָציאַליסטען. אָפען בלויז פריי־טאָג צו־נאַכט; האָט אַ צווייטע טיר געהאַט אַן אויפשריפט: יונגע אידישע ציוניסטען. אָפען יעדען אָבענד, אויסער פרייטאָג צו־נאַכט...

ווידער איז געווען אויף איין טיר אַן אויפשריפט, אַז דאָ קריגט מען חופּה וקדושין כדת משה וישראל... איז אויף אַ צווייטער טיר געווען אַן אויפשריפט: דאָ ווערט געגעבען אינפאָרמיישאָן, ווי אַזוי אַרויסצונעהמען „לייסענס" פאַר יונגע לייט, וואָס געהען הייראַטהען...

טירען און טירען און יעדע טיר האָט זיך געריצט מיט דער צווייטער. איין טיר האָט זיך פאַרפליכטעט צו מאַכען פון אידען די בעסטע אַמעריקאַנער, האָט זיך די צווייטע טיר אויפגערעגט, בייז געוואָרען און געדראָהט מיט גרויסע אותיות: דער פאַרבאַנד פון אַלע אידען.

האָט איין טיר געוואָלט מאַכען די אידישע יונגע לייט פאַר אר־

ביימער, האָט אַ צווייטע געגעבען אינפאָרמיישאָן ווי אַזוי צו שטור־דירען לאַאַ און אַנדערע וויסענשאַפטען...

מיט איין וואָרט — דאָס הויז האָט פאַרמאָגט טירען, די טירען אויפשריפטען, שילדען און יעדע טיר האָט געקעמפט מיט דער צווייטער.

בלויז דער דזשעניטאָר, אַ גוט־מוטהיגער רומעניער איד, האָט געלעבט מיט אַלע בשלום און יעדען פריהמאָרגען פלעגט ער אויס־קעהרען אַלעס וואָס עס איז געוועזען אַנגעוואָרפען אַרום די טירען.

ער האָט געטאָן זיין אַרבייט בשלימות...

# א וועגעלע האָלץ

עס איז געווען א שווערער ווינטער. דער „וועג", וואָס האָט געפיהרט פון די אַרומיגע דערפער צום שטעדטעל, איז געווען א שלעכטער. שנעע און זאַווערוכע. ניט אַלע פויערים האָבען גע־האַט דעם מוטה און די דרייסטקייט צו לאָזען זיך אין אַזא „וועג" אין שטעדטעל אַריין. צו דעם האָט זיך געפאָדערט גרויסע העלדיש־קייט, אָדער די נויט האָט געמוזט זיין זעהר גרויס, וואָס זאָל טרייבען אין שטעדטעל אַריין.

דאָס פויעריל ניקיטאָ איז דוקא ניט געווען קיין גרויסער העלד. אָבער א באַדערפטיגער איז ער געווען א גרויסער.

געוואוסט, אַז האָלץ איז איצט איינע פון די טייערסטע אַנ־טיקלען אין שטעדטעל, האָט ער זיך געלאָזט אויף גאָט'ס באַראָט און באַ'גנב'עט ביינאַכט דעם קאַזיאָנעם וואַלד, וואָס האָט זיך גע־האַלטען אין האַקען, און אָנגעלעגט אויף זיין קליין שליטעל א פיער־פינף בינטעלעך שייטלעך האָלץ, און איידער ס'איז געוואָרען טאָג, איינגעשפּאַנט דאָס פערדעל און זיך געלאָזט אין שטעדטעל אַריין.

געקומען איז ער אין שטעדטעל, פונקט ווען אידען זיינען גע־גאַנגען פון ערשטען מנין.

דערזעהן אין אַזא קאַלטען פריהמאָרגען א גוי'טשיק מיט א ווע־געל האָלץ, האָט זיך ביי לייבע דעם שניידער, וואָס האָט געהאַט דאָס גליק צו זיין דער ערשטער, אָנגעצונדען די אויגען. דער ערשטער געדאַנק איז געווען: קויפען פאַר יעדער פּרייז!... גע־מאַכט האָט ער זיך אָבער, אַז ער איז צו די האָלץ אין גאַנצען גלייכגילטיג, אַז ער ברויכט גאָר קיין האָלץ ניט. ער איז גלאַט טשיקאַווע צו וויסען וואָס וויל ער, ניקיטאָ, פאַר אַזא ביסעל האָלץ.

אָבער ניקיטאָ איז געווען צו בייז און צו שטאָלץ, אַז ער זאָל

ענטפערען, ווי יענער האט געוואלט. בייז פאר קעלט און שטאלץ וואס ער איז דער איינציגער אויפ'ן גאנצען מארק מיט דער דא־זיגער גאלדענער סחורה, האט ער ביטרע געשמייכעלט:

— דו וועסט ניט קויפען...

האט זיך שוין ליבע דער שניידער באליידיגט: וואס הייסט ער וועט ניט קויפען! דאס וועגעל האלץ דארף ער נויטיג ווי לעבען... נאר דער ערל דארף עס ניט וויסען. ווען דער ערל זאל חלילה, וויסען, אז ער, ליבע, האט ניט אין הויז קיין איין שייטעל אויף מארגען, קען ער אויסבעטען פאר די ביסעל האלץ א קארב... און ליבע האט זיך געסטארעט צו זיין וואס מעהר דיפלאמאטיש:

— וואס הייסט, איך וועל ניט קויפען?... איך האב נאך טאקע גענוג האלץ, אבער עס וועט ניט שאדען נאך א וועגעלע... אויב דו זאלסט עס מיר פארקויפען מיט יושר.

ניקיטא, וועלכער האט שוין דערפיהלט די קעלט טיעף אין די ביינער און אין די פיס האט געשטאכען ווי מיט נאדלען, האט דאך ניט געקענט איינהאלטען זיך פון געלעכטער...

— יושר... וואס טויג מיר דיין יושר... דו וואלסט געפרופט פיהרען דאס האלץ אין אזא וועג... שיער אין שנעע ניט איינגע־זונקען געווארען, אינאיינעם מיט'ן פערדעל... יושר...

און נאכדעם ווי ער האט א שפיי געטאן אויפ'ן יושר, האט ער זיך אנגערופען:

—צעהן גילדען!...

ליבע דער שניידער, וועלכער האט שוין אזא סומע ניט פאר־מאגט זייט עטליכע יאהר, האט זיך צעלאכט.

— ביזט א חכם!... — האט ער זיך געררייצט מיט'ן פויער

און א קוק טהוענדיג מיט ליעבע אויפ'ן וועגעל האלץ און מיט שנאה אויפ'ן פויעריל, האט ער, ארייגלעגענדיג די פארפרוי־רענע הענט אין די שמאלע ארבעלער פון זיין האלב־ווינטערדיגען רעקעל — צודריקענדיג דעם טלית און תפילין אונטער'ן ארעם —

זיך געלאָזט אין דער ריכטונג צו זיין גאַס, וואו זיין שטיבעל איז געשטאַנען ניט געהייצט...

צום וועגעל האַלץ איז צוגעגאַנגען אַ צווייטער דאַוונער... דאָס איז געווען חיים דער גמרא־מלמד... איהם האָט טאַקע דאָס ווייב אָנגעזאָגט אַז ער זאָל זעהן, טאָמער האָט אַ משוגע'נער גוי געבראַכט אַ וועגעל האַלץ אויפ'ן מאַרק, זאָל ער דאָס זעהן, למען השם, אָפּקויפען און ברענגען...

ער האָט שוין דוקא געהאַט אין קעשענע אַ גילדען אַכט... האָט איהם אָבער געפעהלט לשון. ווי עס הייסט אויף גוי'איש האָלץ, ווייסט ער יאָ... אָבער וואָס קאָסט? די פראַגע האָט ער פאַרגעסען ווי אַזוי מען פרעגט. דאַכט זיך: פּאַטשאָם? ניין... און אפשר יאָ... מילא, זאָל זיין פּאַטשאָם...

ער האָט געוואַגט און געפרעגט:

— פּאַטשאָם דראָוו?...

דאָס פויערל האָט פאַרשטאַנען, אָבער דער מלמד איז איהם ניט געפעלען:

— ניע קופּיש!...

האָט חיים דער מלמד איהם געוואָלט ווייזען, אַז ער מיינט גאַנץ ערנסט צו קויפען און ער האָט זיך אַרויסגעכאַפּט מיט אַ מקח דער ערשטער:

— פּיער גולדען...

ניקיטאַ איז שוין געווען אין גאַנצען דערפאַרווירען, ער האָט געקלאַפּט אַ האַנט אַז אַ האַנט, געשפּרונגען אויפ'ן שנעע און גע־ריבען זיך מיט'ן גאַנצען קליינעם גופ'ל. ער האָט געפיהלט, אַז גראָד היינט וועט ער דאָס האָלץ ניט פאַרקויפען... דאָס דאָזיגע געפיהל האָט נאָך איהם בייזער געמאַכט. דערצו האָט איהם שטאַרק געריצט דאָס שפּיציגע בערדעל פון חיים דעם מלמד. איהם האָט זיך געוואָלט אָוועקטרייבען דעם דאָזיגען אידען:

— געה, וועסט ניט קויפען...

דערווייל איז אָנגעקומען יענקעל דער בעקער... ער האָט נאָך אפילו אַ פּאָר וועגעלעך האָלץ ערגעץ הינטער'ן שטיבעל, אָבער

וואס איז שייך: אזוינע פּרעסט! ער האָט זיך געווענדעט מיט ברייטקייט:

— סקאַלקאַ חאַטשיעש, זעמליאַק?

ניקיטאַ האָט אָנגעקוקט דעם דאָזיגען אידען מיט די העזה׳דיגע אויגען און האָט דערפיהלט, אַז ער דאַרף קיין האַלץ נים. האָט איהם אָנגעכאַפּט אַ ווילדער כעס און ער האָט אויסגעשריען:

— געה צום טייוועל, זשיד!...

דער בעקער איז אָבער ניט נתפּעל געוואָרען. ער האָט זיך מישב געווען, אַז האַלץ איז איצטער ווערט מיט גאָלד צוגלייך און טאָמער שטעלט זיך ניט דער וועג, איז ער קאַפּוט מיט זיינע בייגעל... ער איז וויכער געוואָרען און האָט זיך גענומען ווי בעטען:

— פאַרקויף מיר דאָס וועגעלע האַלץ... [illegible]ר ניט טייער...

איז ניקיטאַ נאָך בייזער געוואָרען און האָט אַ זאָג געטאָן דעם העכסטען פּרייז:

— צוויי רובעל!

— פאַרנוץ געזונטט אַליין! — האָט דער בעקער זיך געוויצעלט, (ער איז געווען אַ באַריהמטער וויצלער), און איז מיט אַ ניגון׳דעל פון ראש־השנה׳דיגער שמונה־עשרה אַוועק... וואָרפענדיג הינטער־ווייעכטס פאַרליעבטע בליקען צום וועגען האַלץ.

דערווייל האָט ניקיטאַ אויפגעהערט צו פיהלען די רעכטע פוס... הייסט עס, עס איז וואַרימער געוואָרען... ניין... עס איז ניט וואַרימער... אפשר האָט ער זי אָפּגעפרוירען...

אַ כפּרה די האַלץ... ער מוז דערראַטעווען די פוס... אָט איז דערביי אַ שענק... אין שענק וועט ער זיך אַביסעל דערוואַרימען...

מיט די איבעריגע קונים האָט ער שוין ניט געוואָלט ריידען... ער האָט גענומען דאָס פערדעל, צוגעפיהרט צום נאָהענטען שענק, אָנגעבונדען דאָס פערדעל צום סלופּ ביים הויז און איז אריין אינווייניג...

אין שענק איז געווען וואַרים און אַזוי אָנגענעהם. דער שענקער איז נאָך געווען אין בית־המדרש; די שענקעריז, אַ חנ׳עוודיגע אי־

דענע מיט אַ גוידער, איז געשטאַנען ביים סטאַיקע און זיך גע־פּאַרעט ארום פּלעשלעך...

ניקיטאַ האָט איהר פריינדליך באַגריסט. זיין גאַנצע בייז־קייט איז פאַרשוואונדען. וואָס איז ער אַזוי אין כעס געווען?... ער האָט זיך אַליין גע'מוסר'ט... וואָס הייסט צוויי רובעל?... משוגע איז ער געוואָרען... דאָס װענעל האָלץ איז אינגאַנצען אויף פינף מאָל הייצען און די האָלץ אַליין איז אויך ניט אַי־אַי־אַי... פּייכט־לעך... פיער גילדען איז גענוג. און אויב זיי װעלען זיך איינ־עקשנ'ען, איז גענוג אַ האַלבער רובעל... אַרימע מענשען... וואָס וועט ער זיי באַרייסען...

ער איז צוגעגאַנגען מיט אַ לייכט געמיט צום פענסטער, אַרויס־געקוקט צו ס'שטעהט דאָס פערדעל און שלימעל. יאָ... און זעה וויפיעל אידען אַרום... זיי מעסטען מיט די אויגען, זיי האָמ־פּערען זיך...

ער איז אַרויס צו זיי:

— העי, טשויעש, סקאַלקאַ זאַ דראָוו... — האָבען זיך אַ שאָט געטאָן פראַגען איינע נאָך די אַנדערע...

אַ גוטמוטיגער איז ניקיטאַ געשטאַנען אויפ'ן גאַניק פון שענק, זיך געקראַצט אין פּאַטילניצע און געמעלדעט, ווי אַ קעניג זיין גנאַד:

— פינף גילדען, ברידער!

הענט נאָך הענט האָבען זיך אַ לאָז געטאָן אין די קעשענעס אריין, זוכען די סומע. פינף גילדען!... נאַ! נאַ!

אַך, ווען ער האָט נאָך אַזוינע אַ צעהן װעגעלער!

אויב אַזוי, וועט ער עס פאַרקויפען אָט דער אַרימער אידענע...

— נעהם!... — האָט ער זיך צו איהר געווענדעט.

איינער האָט אפילו אַ באָט געטאָן זעקס; ס'הייסט, ער גיט זעקס גילדען... ניקיטאַ האָט זיך אָבער געמאַכט ניט הערענדיג.

צי האָט ער רחמנות געהאַט אויף דער אַרימער אידענע, צי האָט ער געוואָלט עס מאַכען שנעלער און אריינגעהן אין שענק נעהמען אַ גלעזער בראַנפען — דאָס איז שוין געווען זיין סוד...

# א סוחר׳ישע נשמה

ווענען שלום דעם שניידער איז אין גאס אומגעגאנגען א לע־גענדע, אז ווען ער וואלט געוואלט, וואלט ער געקענט נעהען פאר׳ן גראף; נישט מעהר, זיין קאפ טראגט איהם אין דער-לופטען און ער קען זיך ניט ארייננטהאן אין זיין פאך. איבערהויפט ביי׳ן צו־שניידען פארטראכט ער זיך ווענען אנדערע ענינים און פארשניידט וועהר אפט אזוי, אז נאכדעם מוז מען דערקויפען סחורה. ער אליין איז אפילו ניט מודה. ער זאגט, אז מען האט לכתחלה צו־ווענינ סחורה געקויפט, אבער געוואוסט האט מען, אז מען האט שטענדיג געריזיקירט, ווען מען האט איהם געגעבען נעהען א מאנסבילשען ראק צי א פאר הויזען; כאטש ווי געזאגט, געהאלטען האט מען איהם פאר גאר א גרויסען שניידער.

ער אבער האט מיט זיין שניידעריי ניט שטאלצירט. פאר־קעהרט, אין זיין אומגאנג מיט שכנים אין גאס, אויפ׳ן מארק, און להבדיל אין שוהל, האט ער גערעדט ווענען אלץ אין דער וועלט, נאר ניט ווענען זיין פאך. איבערהויפט האט ער זיך אינטערעסירט מיט מסחר, מיט געשעפט, און פון צייט צו צייט האט ער זיך פאר־געסען, אז זיין פרנסה איז שניידעריי און האט זיך טאקע גענומען צו האנדלען.

איבערהויפט פלעגט עס פאסירען. ווען ער פלעגט געהן אין דער פריה פון דאווענען, און האבענדיג אביסעל געלד אין קעשענע, פלעגט ער זיך אבשטעלען אויפ׳ן מארק ביי א גוי־אישע פוהר און א טאפ טאן אין וואגען:

— וואס פארקויפסטו, פויערל?

איז דאס געוועזן תבואה, פלעגט ער זיך נאר באלעקען און גלייך אוועקגעהן. תבואה איז ניט פאר איהם — א צו טהייערע

ביסען! טאמער אבער איז דאס געווען א ביליגערע סחורה: א הוהן, צי א האהן, פלעגט עס ארויסנעהמען פון קויש, און וועלכען דאס עוף איז געווען פארשפארט, טאפען עס אונטער די פליגלען, הויבען אויף דער האנד ארויף און אראפ כדי צו כאפען די געוויכט פון איהם און פרעגען מקח.

איז דער מקח געווען נידעריגער ווי עס האט דעמאלט געהאל־טען דער קורס פון עופות, וואס שלום האט אלע מאל געוואוסט, האט ער זיך גערונגען, אפגערונגען נאך א צעהנערעל, אמאל א גריווניע, און איז שוין געגאנגען אהיים מיט שטאלצע טריט. ס'הייסט, עס געהט שוין ניט שלום דער שניידער, נאר שלום דער עופות־הענדלער.

אין גאס שטעלען איהם אפ ווייבער.

— ווייזט נאר א קוק, שלום. פאר זיך, צי צום פארקויפען?

און שלום באטראכט זיך, אז אין דער היים געהען שוין ארום צוויי היהנער מיט א האהן און צו יום־כפור איז נאך — וואו? ענט־פערט ער מעשה סוחר:

— איך פארקויף.

שלום באקומט, נאך לאנגען דינגען זיך, א צעהנערעל ריוח. און אז ער קומט אהיים, איז איהם ניט ניחא דער לאנגער טיש מיט די אנגעווארפענע שטיקלעך סחורה, מיט דער שער און אייזען. זיי קוקען אויף איהם, ווי ווילד־פרעמדע, מיט וועלכע ער האט גאר קיין שייכות ניט. איהם דאכט זיך, אז ער איז על־פי־טעות אהער אריינגעקומען. זיין פלאץ איז אויפ'ן מארק.

אבער ציפע, דאס ווייב, פאלט אויף איהם ארויף.

— וואו ביזטו דאס געווען אזוי לאנג, פארדינער מיינער?...

וויל שלמה שטילען איהר כעס מיט א וויץ:

— וואס מיינסטו — ניט?... האסטו טאקע ניט געטרא־פען. איך האב געקויפט א הוהן און פון האנט צו האנט פארדינט א צעהנעריל...

— האנדעלסט שוין ווידער, סוחר מיינער! — ברוגז'ט זיך

ציפע. — מאַך בעסער ליבע דעם שמיעד'ס אויבער־בגד. ער איז שוין דריי מאָל געווען...

שלום כאַפּט זיך אין דער גיך אַפּעסען און זעצט זיך ביים טיש, וואו עס אַרבייט זיין אייגענער בחור'ל זיסקע און אַ פרעמדער פּועל.

ער נעהמט אַ שטיק קרייד, צייכענט עפּעס אויף אַ שטיק גראָבען שטאָף און דער קאָפּ טראָגט איהם ערגעץ ווייט...

אַמאָל דערגרייכט זיין השגה צו קויפען אַ קאַלב. אַז אַ קאַלב האָט ער שוין פאַרדינט אַ האַלבען קאַרב... דאָס איז געווען אין דער צייט ווען עס איז געווען אַ גרויסער זול אויף קעלבער און פּלוצלונג איז טייערער געוואָרען... ער האָט דעמאָלט געקענט נתעשר ווערען, נאָר ער האָט פאַרזעהן. ציפּע אַליין האָט דעמאָלט זיך אַריינגעמישט, ער זאָל פאַרקויפען.

אמת, נאָך דער מכירה האָט ער אַ וואָך צייט ניט געאַרבייט, דער קאָפּ האָט זיך איהם געהויבען אין דער לופטען. איהם האָט זיך געדאַכט, אַז אָט־אָט און ער ווערט אויס שניידער.

עס איז אָבער אַוועק אַ שטיק צייט און קיין גליקען האָט ניט פּאַסירט. צו וואָס ער האָט זיך ניט צוגעשטעקט, האָט „געברענט“... ציפּע איז דוקא געווען צופרידען, ווען ער האַנדעלט ניט, אַרבייט ער און אַז ער אַרבייט, פאַרדינט ער כאָטש אויף ברויט.

אָבער שלום איז איינגעגאַנגען פון טאָג צו טאָג... עס איז איהם מאוס געוואָרען דאָס לעבען. ער מוז עפּעס האַנדלען, כאָטש וואָס עס זאָל זיך מאַכען, נאָר ער זאָל זיין אימשטאַנד צו באַצאָהלען. ער מעג אַפילו צולייגען. אין מסחר דאַרף מען ניט שטענדיג פאַרדינען. מען דאַרף אַמאָל ריזיקירען.

* * *

אין יענעם טאָג איז ער אויפגעשטאַנען פריהער ווי אַלע מאָל. ער האָט אין זיין קלייזעל אָפּגעדאַוועט מיט'ן ערשטען מנין אי־בערגעצעהלט זיין קאַפּיטאַל — פינף גילדען... מען קען עפּעס קויפען, כאָטש וואָס — האָט ער אַליין ניט געוואוסט... וואָס עס וועט זיך מאַכען, אַבי האַנדלען...

עס איז געווען א גרויער פריהמארגען. אויפ׳ן מארק האבען זיך געפונען עטליכע וועגענער, וועלכע זיינען געשטאנען ווייט איינע פון די אנדערע. שלום איז צוגעגאנגען צו איין וואגען, צום צווייטען, צום דריטען — גארנישט ניטא! לעדיגע וועגען. אז אומעט איז איהם באפאלען. ער וואלט געקויפט וואס עס זאל ניט זיין, אבי ניט דארפען געהן גלייך אהיים, צוריק צו דער נאדעל און אייזען.

ער האט זיך ארומגעדרעהט א לאנגע צייט איבער׳ן מארק און ענדליך געבליבען שטעהן נעבען א פויער וואס איז גאר וואס אנגעקומען אויף א פערדעל געשפאנט צו א האלבען וואגען און פון הינטען האט זיך נאכגעשלעפט א לאנגע, קיילעכדיגע בערוועני.

— צו פארקויפען? — האט שלום מיט א האלבען מויל א פרעג געטהאן.

— געוויס... — האט דאס פויערל מיט רוגזא געענטפערט.

און אנקוקענדיג שלום׳ען מיט פעראכטונג, האט ער געפרעגט:

— וואס איז דען? ועסט קויפען?

— אויב ניט טייער... — האט שלום ארויסגעשטאמעלט און מורא געהאט פאר עפעס.

— וויפיעל גיסטו? — האט דאס פויערל געפרעגט, אנקוקענ־דיג מיט א טראציגען שמייכעל שלום׳ען.

שלום האט גערעכענט, אז אזא לאנגע בערוועני דארף אודאי אנטרעפען צוויי רובעל, הײנט וואס־זשע האט ער מורא צו באטען פינף גילדען?...

— פינף גילדען! — האט ער שוין פעסט אויסגערעדט.

דאס פויערל איז ערנסטער געווארען און געענטפערט:

— א רובעל איז פאר דיר...

שלום האט זיך שוין דערשראקען; ווי ווייט איז א רובעל פון פינף גילדען? טאמער גיט ער איהם אוועק, וועט ער ניט וויסען וואס צו טאן... עס וועט זיין א חרפה פאר דער וועלט... ער האט זיך גענומען אפרוקען א פאר טריט ווייטער און שוואך געזאגט:

— איך קען מעהר ניט...

— ווארט... געה ניט אוועק... — האט דאס פויערל איהם צוגעשלעפּט. — דו געפעלסט מיר... דו ביזט אן עהרליכער מענש... מען דערקענט... גיב זעקס גילדען...

— פינף! — האט שלום בלייך ווערענדיג אויסגערעדט...

— פאר דיר! — האט דאס פויערל אנגענומען שלומ'ס האנד און אויף איהר א קלאפּ געטאן. ס'האט געהייסען: געענדיגט!

שלום האט ניט געוואוסט וואס זאל ער איצט טאן. אפּוואָרפען זיך, איז ניט מעשה סוחר; דערצו האט דאס פויערל אויסגעזעהן צו זיין א צו־שלעכטער, ער קען איהם נאך ווער ווייסט וואס טאן. ער זאל באצאהלען און פיהרען אהיים, וועט עס זיין אויף לייטיש געלעכטער. א ברוונע געקויפט. ווער וועט דאס ביי איהם קויפען? און ער אליין דארף דאס ניט. היינט ציפּע? וואס וועט זאגען ציפּע? — א ברוונע האט ער געקויפט...

— נו, באצאהל און זאג וואוהין צו פיהרען? — האט דאס פויערל געפאדערט...

שלום האט ארויסגענומען פון א ווייטער קעשענע מיט ציטער־דיגע הענט זיין גאנצען פארמעגען, אפּגעצאהלט און ניט געוואגט צו זאגען וואוהין צו פיהרען. ער איז געשטאנען און געטראכט א מיטעל. ענדליך האט ער זיך אנגערופען צום פויער:

— איך האב זיך באנארישט... איך דארף גאר האבען אנדערע געהילץ פאר מיין שטוב, וואס איך וויל בויען... איך דארף גאר האבען פיער קאנטיגע, ניט קיין קיילעכדיגע...

— געקויפט איז געקויפט! — האט דאס פויערל געמורמעלט...

— קויף איהם אפּ צוריק ביי מיר! — האט זיך שלום געבעטען... — איך וועל לאזען ביליג.

— וויפיעל ווילסטו? — האט דאס פויערל כיטרע געשמייכעלט...

— וויפיעל גיסטו?

מען איז מושוה געווארען פאר צוויי גילדען...

און שלום איז אוועק אן אויפגערעגטער אהיים. ער האט גע־
האט דריי גילדען היזק, אבער באלד האט ער זיך געטרייסט, אז ער
האט שוין געהאנדעלט מיט געהילץ און איז געוואהר געווארען א
סך. אמאל קען דאך צוניץ קומען...

אמאל, ווען ער וועט ווערען אוים שניידער...

# דער באַצאָהלטער שמחת־תורה

אבהיטען אידישקייט איז די שטעדטעלשע אידען ניט באזונ־דערס שווער אנגעקומען.

אַלע דינים און מצוות זיינען איבערגעגאנגען פון דור צו דור, אַזוי אַז יעדע מצוה איז שוין געלעגען — ווי די וויסענשאַפטס־לייט דריקען זיך אויס — אין זייער בלוט.

אויפשטעהן אין דער פריה און גלייך זיך נעהמען צום דאַווענען, איינשפּאַנען זיך אין טלית און תפילין, האָט זיך שוין געטאָן מעהר אויס געוואוינהייט, ווי אויס פרומקייט. א איד ניט קיין אָפּגע־דאַווענטער וואָלט געפיהלט אויף זיך, ווי א משא וואָלט אויף איהם געלעגען. ניט קיין גערדאַווענטער איד איז גאָר קיין מענש ניט, ניט נאָר ער טאָר פאַר'ן דאַווענען ניט עסען, ווי ער וואָלט געווען דער גרעסטער חולה, — עס ווילט זיך איהם גאָרניט עסען. אַפּעטיט באַקומט ער ערשט נאָכ'ן אָפּדאַווענען, דעמאָלט הויבט איהם ערשט אָן חלש'ען דאָס האַרץ.

און וואָס פאַר א באַטרעף איז געווען פאַר א אידען א תענית! אַז אין פאַרלויף פון יאָהר זיינען דאָ אָרום און אַרום, געבאָטענע מיט ניט־געבאָטענע, ביי עטליכע צעהנדליג, און עשרת ימי תשובה איז אויך א מנהג אָנצובייסען ערשט נאָך מעריב. אָנשטרענגען זיך צו פאַסטען האָט מען ניט געדאַרפט, עס האָט זיך געפאַסט פון זיך אַליין, און דער תענית איז געגאַנגען ווי א מזמור — אויף אויס־ווענינג...

אפילו דער גרעסטער תענית, תשעה באב, איז ניט שווער געווען. ביי די קינות האָט מען זיך גוט אויסגעשריען. נאָכדעם איז מען זיך געגאַנגען אויפ'ן בית־עולם, דורכגעשמועסט זיך מיט דער גרויסער משפחה, וואָס דאָרטען האָט זיך געפונען. ווער רעדט

אפּהיטען די ניין טעג — איז דאָך גאָר געווען אַ געלעכטער. די אי־דען האָבען זיך טאַקע איבער דעם געוויצעלט, „מען טאָר ניט עסען קיין פליישׁ!" נו, קאָכט מען דעם קרופּניק אין אַ מילכיגען טאָפּ אנשטאָט צו קאָכען אין דעם פליישיגען טאָפּ. אז פליישׁ האָט מען דאָך זומער סיי־ווי־סיי, אויסער שבת, ניט געגעסען.

און אפילו אַזאַ שווערער יום־טוב ווי פּסח, מיט זיינע הונ־דערטע, אויב ניט טויזענדע דינים, איז ניט געווען שווער צו ער־פילען אויפ'ן גרינגסטען אופן. די דינים פון פּסח האָט יעדער איד און אפילו אידענע געוואוסט אויף אויסווענדיג, אויב מען פלעגט געהן פרעגען אַמאָל אַ שאלה צום רב, איז דאָס נאָר געווען פון גדלות וועגען — זאָנסט האָט אפילו אַ אידענע געוואוסט, וואָס עס איז פּסח'דיג און וואָס ניט.

אַפּצוהיטען שבועות איז דאָך אודאי גרינג געווען. אפילו די גרינס, וואָס דאָס איז ניט מעהר ווי אַ מנהג, האָט מען אויך ווי עס איז געקריגען. דאָס האָבען שוין פאַרזאָרגט די אינגלעך פון די גוי'אישע געסלעך; אמת, מיט סכנת נפשות, אבער אינג־לעך לאַכען פון סכנות...

בלייבט סוכות. מאַכען אַ סוכה איז אפילו ניט פאַר די אי־דישע הענט. מען מוז ניצען דערצו אַ האַק, אַמאָל אַ זעג און טאַקע טשוועקעס אויך. ניט יעדער איז דערצו מסוגל, אבער אַ סוכה מאַכען האָט שוין יעדער איד געקענט בירושה. זיצען אין סוכה איז דאָך אודאי ניט שווער, עס איז דאָך, פאַרקערט, אַ גרויסער תענוג: אונטען פרישער זאַמד, אויבען — גרינער סכך. עלעהיי אַ ביידעל אין די פריצישע הויפען!...

דאָס איינציגע וואָס איז געווען שווער אַפּצוהיטען לויט'ן דין און מנהג איז געווען פאַר די שטעדטעלשע אידען שמחת־תורה. פרעהען זיך — דאָס האָבען די אידען ניט געקענט, דערצו דאַרף מען שוין האָבען פרעהליכע הערצער. היינט וואו נעהמט מען דאָס? אויסער די פאַר שוסטער און שניידער, אויך ניט קיין אי־בעריגע פרעהליכע, זיינען זיי אַלע געווען אנגעפילט מיט צער און אומעט. ווער עס האָט געקלאָגט אויפ'ן גלות, ווער אויף פרנסה

און ווער גלאט אזוי, ווייל עס איז ניטא מיט וואס צו פרעהען זיך.

איז טאקע שמחת־תורה געווען ניט ריכטיג אפגעהיט. פון די איינציגע וואס האבען זיך יא אנגע׳שכור׳ט, איז געווען לייבע דער שניידער און חייקעל דער שוסטער. האבען זיי איבערגע־קאפט די מאס און גלייך האבען זיי זייערע קרובים אוועקגעטראַ־גען אהיים, און זיי אוועקגעלעגט שלאפען — און מען האט זיי שוין א גאנצען טאג ניט אנגעזעהן — און דאס שטעדטעלע האט זיך פארזונקען אין א טיפע מרה־שחורה...

עס זיינען אפילו יא געווען א פאר אויך פון בעלי־בתים, וואס פלעגען נעהמען צו ביסלאך בראנפען און ס׳האט לכתחילה אויס־געוויזען, אז זיי וועלען אביסעל משמח זיין די „שטאדט" און מען וועט שוין מיט זיי יוצא זיין — איז אבער די האפנונג אלע מאל געווען א פאלשע. די דאזיגע צוויי בעלי־בתים פלעגען די ערשטע פאר מינוט ווערען טאקע בגילופין און איינער האט שיער־שיער זיך ניט געלאזט אין בית־מדרש א טענצעל, אבער גלייך פלעגען זיי זיך אנקוקען איינע די אנדערע אין די פנים׳ער מיט גלעזערנע אויגען און איינער פלעגט זיך צואוויינען:

— אל תשמח ישראל אל גיל בעמים!

און דער צווייטער האט זיך פלוצלונג דערמאנט אז חרבן בית המקדש און פלעגט אויסזינגען אין א געוויין א פסוק פון קינות:

— אז בהלוך ירמיהו על קברי אבות...

און אין בית־מדרש פלעגט ווערען תשעה באב.

נאטירליך, די ניכטערע בעלי בתים האבען אנגעהויבען ביי־זערן זיך: מילא, פרעהען זיך קענט איהר ניט, טא וויינט כאטש ניט, פערשטערט ניט דעם שמחת־תורה!... און מען פלעגט די צוויי בעלי בתים אוועקפיהרען אהיים אונטער דער בעגלייטונג פון זייער געוויין...

מיט יאהרען שפעטער האבען די צוויי בעלי־בתים אויף אזא אופן אפילו אויפגעהערט צו פראווען שמחת־תורה, דאס הייסט, זיי האבען ניט געוויינט אויך, און עס וואלט שיער־שיער קיין זכר

ניט געווען, אַז אין שטעדטעל איז שמחת־תורה, ווען ניט פּאַכאַם, דער שבת־גוי.

דער דאָזיגער פּאַכאַם, וועלכער פלעגט כלומר׳שט אפּקויפען אַלע ערב פּסח דעם חמץ ביי די אידען אין שטעדטעל און האָט בכלל געדיענט דעם שטעדטעל מיט זיין גאַנצען הארצען און האָט גע־וואוסט אַלע אידישע מנהגים און דינים — ער האָט ניט געקענט צוזעהן, ווי אַזוי שמחת־תורה וועט בטל ביי אידען. און דוקא איז דער יום־טוב איהם געווען טייערער ווי אַלע. דאָס הייסט, וועדליג דער יום־טוב האָט געדאַרפט זיין. און זעהענדיג איינמאָל ווי אַזוי דאָס שטעדטעל איז אין אַ געוויסען שמחת־תורה געווען פערזונקען אין צער פון גלות און פּרנסה, איז ער אַוועק צום שעהנסטען בעל־הבית, זרח דעם וואָל־העגדלער, ביי וועלכען ער פלעגט אַלע שבת הייצען דעם אויווען און האָט געהאַט מיט איהם אַ ויכוח, טאַקע אין אידיש, וואָס איז געווען זיין מוטער־שפּראַך:

— ר׳ זרח, מיר געפעלט עס גאַרניט, וואָס שמחת־תורה איז דער עולם אַזוי ניכטער. אַ, אַמאָליגע שמחת־תורה׳ס, זאָגט מען, זיינען גאָר אַנדערע געווען! — האָט ער זיך צעזיפצט.

ר׳ זרח אַליין האָט זיך אויך צעזיפצט און געענטפערט:

— דו ביזט גערעכט, פּאַכאַם! הייגט איז אַ מצוה צו פרעהען זיך, אָבער, אַז אונזערע אידען קענען עס ניט.

— איז דאָס טאַקע ניט שען! — האָט פּאַכאַם זיך צעהיצט.— שמחת־תורה זאָל זיין אַזוי ווי תשעה באב! אַלץ קענט איהר, שלאָ־גען זיך מלקות קענט איהר, זיצען אויף דר׳ערד קענט איהר און טאָמער דאַרפט איהר איינמאָל אַ יאָהר אַ הוליע טאָן, קענט איהר ניט.

און ווערענדיג בעגייסטערט פון זיינע אייגענע ווערטער, האָט ער זיך אָנגערופען:

— אויב אַזוי, לאָזט מיך הוליען פאַר אייך! ר׳ זרח, אָהער אייער פלאַש בראַנפען!

ר׳ זרח, ביי וועלכען עס איז געווען אָנגעגרייט אַ גאַנצע קוואַרט בראַנפען נאָך פון פאַר אַ יאָהרען און פון וועלכע עס האָט געפעהלט

בלויז איין קעלישאַק, האָט פאַר איהם זי אוועקגעשטעלט מיט אַ קדוש־גלעזעל און געזאָגט מיט אַ שמייכעלע:

— אדרבה, זיי אונז אַלעמען יוצא!

און פּאַכאָם האָט אָנגעהויבען גיסען אין זיך אַ גלעזעל נאָך אַ גלעזעל, און נאָך יעדער גלעזעל האָט ער צוגעזונגען מיט אַ פּסוק פון שמחת־תורה.

אַז ער איז געוואָרען פאַרטיג מיט'ן פלאַש, איז ער אַרויס אַ זינגענדיגער אויפ'ן גאַס.

זיין געזאַנג האָט אַרויסגערופען די אידען פון די הייזלאַך. דאָס האָט ער טאַקע געוואָלט און ער האָט זיך געלאָזט טאַנצען.

— וואָס איז מיט איהם די שמחה? — האָבען אייניגע גע־פרעגט...

ער האָט בייז איינעם אָנגעקוקט און וואַקלענדיג זיך פון די פיס, געענטפערט:

— היינט איז, פּויער דו, שמחת־תורה... — און אַריינקומענדיג אין כעס, וואָס קיינער האַלט איהם ניט אונטער, האָט ער זיך צו־שריען:

— אַלץ איך! די אויוועגס שבת דאַרף איך הייצען, דעם חמץ דאַרף איך בלומר'שט ביי אייך אָפּקויפען און אַז עס קומט שמחת־תורה, וואָלט איך מיך אביסעל געוואָלט אָפּרוהען פון מיין יאָר, מוז איך טרינקען און הוליען פאַר אייך!...

דערווייל איז די גאַס געוואָרען פול מיט אידען, ווייבער און קינדער. די מרה־שחורה איז פון דער גאַס אין גאַנצען אַראָפּ. פּאַכאָם האָט עס דערפיהלט און איז געוואָרען ביי זיך שטאָלץ:

— זעהט איהר! א י ך מאַך אייך פרעהליך... איהר קענט ניט!...

און ער האָט זיך אוועקגעלאָזט אין אַ טאַנץ, צוזינגענדיג אַ אידיש ליעד.

— דער גוי האָט אַ אידישע נשמה... — האָט איינער בע־מערקט.

דער אַנדערער אָבער האָט בעקעמפּפט די מיינונג:

— א איך וועט ניט טאַנצען אין מיטען גאַס.

— עס איז דאָך שמחת־תורה... — האָט דער ערשטער מתיר געמאַכט...

— נו, פאַר וואָס זשע טאַנצסטו ניט?...

— איך? — האָט זיך יענער דערשראָקען, — וואָס בין איך, משוגע?... איך בין יוצא מיט פּאַכאָמ'ען...

און ווירקליך האָט זיך געדאַכט, אַז פּאַכאָם טהוט עס אויס פליכט צו זיינע בעלי־בתים. זיי אַליין קענען זיך ניט פרעהען, וועט ער זיך פרעהען פאַר זיי. ער איז דער איינציגער צווישען זיי, וואָס האָט ניט קיין דאגות און וויים ניט פון גלות...

און אַזוי איז מיט דער צייט צו פּאַכאָמ'ס פליכטען צוגעקומען א נייע פליכט: שמחת־תורה זיך אָנ'שכור'ן. שפּעטער האָט ער אנגעהויבען פאָדערן דערפאַר געצאָהלט.

ער וויל, הייסט עס, אומזייסט ניט פרעהען זיך. אויף מאָר־גען, — האָט ער גע'טענה'ט, — פיהלט ער זיך צובראָכען...

און ער האָט אויסגעפיהרט. אויף מאָרגען נאָך שמחת־תורה האָט ער בעקומען אַן עקסטרא גלעזעל בראָנפען...

# אויף א חתונה

די חתונה האט שוין געהאלטען אין רעכטען ברען. די על־טערע אידען מיט די ווייבער זיינען געזעסען ביי די געגרייטע טי־שען און האבען האלב פאר'שכור'טע אויסגעקוקט אויף די לעצטע געריכטען, וואס דער סארווער האט פארשפעטיגט צו ברענגען. כאטש קיין געדרוקטע מעניו, ווי עס פיהרט זיך אין דער גרויסער וועלט, איז דא אויף דער קליינשטעדטעלדיגער חתונה ניט געווען, האט דאך כמעט יעדער געוואוסט, אז עס דארף נאך זיין קאמפאט מיט שטרודעל, און אזוינס שענקט מען ניט, מעג מען זיין ווי זאט, בפרט, אז די וועטשערע וועט קאסטען גענוג געלט, מען וועט באלד ארויסרופען דרשה־געשאנק און אפילו א פאר לעפעל קאסטען אויך א האלב קערבעל, ווער רעדט, דער וואס האט געקאנט געבען א מזומנ'עם רובעל, האט אודאי געהאט א רעכט אויפ'ן קאמפאט מיט'ן שטרודעל...

לייבע זלמנ'ס, וואס לויט זיינע יאהרען האט ער געדארפט זיצען מיט די אידען ביים טיש, ווייל ער איז שוין געווען נאהענט צו פערציג, בפרט אז ער איז שוין א טאטע פון פינף קינדערלעך, וועלכע זיינען טאקע אלע דא אויף דער חתונה מיט דער מאמען, האט אבער דאס מאל געוואלט זיין יונג און פארגעסען זיך אז זיין ווייב דוואשע'ן, אז די קינדער און זיך לאזען טאנצען דעם אכט־פאריגען קאדריל אין וועלכען עס טאנצט־מיט דעם חתנ'ס שוועסטער, די געבילדעטע פריילין, וואס שטודירט אין קאזאן אויף דאקטאר...

ער האט שוין מיט איהר גערעדט א פאר מאל, איין מאל פאר דער חופה און איין מאל נאך דער חופה. ווי עס ווייזט אויס, האט זי באמערקט, אז ער איז א געבילדעטער... ער האט גערעדט א

סך רוסיש און לויט ער געדענקט, האט ער קיין סך גרייזען ניט געמאכט... נאר אנשטאט „פאזשאלוסטא האט ער געזאגט „פאזאלוס־טא“ און אנשטאט „סקאלקא ליעט“ — האט ער געזאגט „סקאלקא גא־די. ער האט זיך צוטומעלט און פארגעסען, אז סקאלקא פאדערט „ראדיטעלני פאדיעזש“ און ניט „וויניטעלני“. זי איז אבער אזא׳ן איידעלע; זי האט ניט קיין שמייכעל געטהאן אפילו...

אך, בחור׳וויז האט ער אזוי פיעל רוסישע ביכער געלעזען! היינט שטיינבערג׳ס און דרייזינ׳ס סלאוואר האט ער געקענט כמעט אויסוועניג. און ווי עס קומט צו עפעס — איז סטאפ. „מען דארף האבען פראקטיק“ — מוסר׳ט ער זיך אליין. נאר מיט וועמען רעדט ער דא רוסיש?... מיט די פויערים, ביי וועלכע ער קויפט די תבואה, מוז מען ריידען פראסט גוי׳איש.

דאס ערשטע מאל וואס ער רעדט מיט א געבילדעטען מענ־שען, איז דאס מיט איהר, מיט דעם חתנ׳ס שוועסטער, וואס איז געקומען עקסטרא פון קאזאן אויף איהר ברודער׳ס חתונה. איהר ברודער איז זיין ווייב׳ס א פלימעניק, איז ער, לייבע זלמנ׳ס, גאר א נאהענטער מחותן.

דער אכט־פאריגער קאדריל, וואס איז באשטאנען פון לויטער מיידלעך, האט זיך געענדיגט. דעם חתנ׳ס שוועסטער, א מיידעל פון א יאהר עטליכע און צוואנציג מיט איידעלע, גרויס־שטאדטישע מאניערען, באמערקענדיג ווי לייבע זלמנ׳ס קוקט אויף איהר אזוי פריינדליך, איז געריהרט געווארען און איז צו איהם צוגעגאנגען.

לייבע זלמנ׳ס האט זיך געשטעלט קעגען איהר פנים־אל־פנים און אום צוצוגעבען זיין פיגור מעהר געהויבענקייט, האט ער זיך מיט ביידע הענט געהאלטען אין די באקעס... די סטודענטקע האט געשמייכעלט און זיך אנגערופען:

— דושנא!

געוויס, דא איז זעהר הייס. לייבע זלמנ׳ס פארשטעהט עס. עס איז דא נאך אווארט, ער ווייסט דאס ווארט אויך: „גאריאטשא“... און עס איז דא נאך א ווארט: זשארקא... ווי זאל ער איהר ענטפערען? איהם איז בעסער געפעלען געווארען גאריאטשא,

אבער ביים אויסריידען האט ער זיך פארטשעפעט מיט דער צונג און עס איז ארויס „גאראצא“...

— דא, דא! — האט זי מודה געווען, און שמייכלענדיג גע־מאכט מיט'ן וועהער.

ער האט איהר געוואלט פארשלאגען ארויסגעהן אין קיהלען פיהרהויז, האט ער אבער ניט געוואוסט ווי אזוי אזא לאנגע פראזע צו זאגען אין רוסיש. האט ער זיך געפרואווט אין אידיש, נאר פאראיידעלט:

— פיליכט וועלען זיי א ביסעל אין פארהויז געהן, זיך אפ־קיהלען?

— אך, יא! — האט זי געענטפערט אויך אין אידיש.

ווייסען האט לייבע זלמנ'ס געוואוסט פון די ביכער וואס ער האט געלייענט, אז אין אזא פאל דארף ער אויסשטרעקען זיין ארעם און זי וועט איהם שוין נעהמען געארימט, האט ער אבער ערשטענס ניט געוואוסט וועלכען ארעם, צי דעם רעכטען, צי דעם לינקען און דערצו איז דאס געווען צו ריזיקאליש: א קליין שטעדטעל, ער איז א איד מיט א בארד, מיט א ווייב, מיט קינדער, מיט א שפייכלער, מיט א „שטאדט“ אין בית־מדרש. ניין! זאל שוין זיין ניט ווי אין בוך, עס איז נענוג, אז ער וועט מיט איהר שטעהן אין א ווינקעל אין פיהרהויז און ריידען וועגען בילדונג.

— הייסט עס, שטודירט איהר מעדיצין? — איז געווען אין פיהרהויז זיין ערשטע פראגע, כאטש ער האט עס זיכער געוואוסט.

— יא... מעדיצין...

— אך, — האט לייבע זלמנ'ס אויסגערופען, — איך האב אמאל אויך געוואלט שטודירען, געפאנטאזירט... — ער האט זיך אפגעהאקט, א גלעט געטאן דאס בערדעל, זיך פארכאפט, אז דאס איז ניט עדעל, האט ער געהויבען דאס היטעל פון קאפ, ווי ער וואלט געמאכט פראבע, ווי אזוי איז דאס, אז מען שטעהט אין פיהרהויז מיט א סטודענטקע אהן א היטעל... און ענדליך האט ער מאקע אראפגענומען דאס היטעל און געהאלטען אין האנט. פון דער אפענער טיר האט א ווער געטאן א קיהל ווינטעלע. עס האט

איהם דערפרישט, און דערפיהלענדיג זיך ווי באַנייט מיט קראַפט, האָט ער זיך צורעדט:

— איך שטעל מיך פאָר, ווי אַזוי איהר קוקט דאָ אויף די אַלע קליינשטעדטעלדיגע...

— וואָרום?... — האָט זי זיך פערטיידיגט — אין גענענטייל, זעהר ליעבע מענשען!

— איהר ווילט אונז ניט באַליידיגען! — האָט זיך ליבע אָנ־גערופען. — איך ווייס אָבער... מיט מיר דאַרפט איהר זיין אָפען... איהר פאַרשטעהט?... איך בין ניט פון זיי; כ'האָב געלעזען פוש־קין, גאָגאָל, גאָנטשאַראָוו...

ער האָט געוואָלט אָנרופען נאָך אַ פּאָר נעמען, אָבער ער האָט דערהערט אַ באַקאַנטע שטים און באַלד איז געגען איהם געשטאַנען דוואַשע מיט פיער קינדער ביי די זייטען און דאָס צוויי יעהריגע בערעלע אויף די הענט...

— ליבע! — האָט זי גערופען מיט אַ האַלב הייזעריגליכען קול, — די קינדער ווילען שלאָפען... לאָמיר געהן אַהיים.

ליבע איז געבליבען שטעהן פאַרשעהמט, ער האָט קוים געקענט איינשטעהן אויף די פיס. באַלד אָבער האָט ער זיך געכאַפּט, אַז אין דער גרויסער וועלט שטעלט מען איינע די אַנדערע פאָר און ער האָט אַרויסגעשטאַמעלט:

— דאָס איז מיין פרוי...

— אַ, זעהר אַנגענעהם! — האָט זיך די סטודענטקע אָפּגע־רופען און אויסגעצויגען דוואַשע'ן די האַנט. דוואַשע'ס ביידע הענט זיינען אָבער געווען פאַרנומען מיט'ן קינד און זי האָט, רויט־ווערענדיג, געענטפערט:

— מאָרגען, אם ירצה השם, וועלען מיר זיך זעהן ביים „רומפעל“...

— ניין, מאָרגען פריה פאָהר איך שוין אַוועק...

— אַזוי? — האָט זיך ליבע אַנגעכאַפּט, ווי מען וואָלט איהם אַנגעזאָגט עפּעס שוועדעס. — הייסט עס, דאַרף מען זיך געזעגענען מיט אייך...

ער האָט געוואָלט, אַז ער זאָל בלייבען אין איהר עראינערונג באַטש אַלס אַ געבילדעטער מענש, און, אויסציהענדיג די האַנט צום אָפּשייד, האָט ער זיך אָנגערופען:

— פּראָשטשאַיטע!...

און אום צו פאַרשטאַרקען דעם איינדרוק, זיך דערמאָנט דאָס ריכטיגע וואָרט און זיך אָנגעכאַפּט אַז איהם מיט פרייד:

— דאָ סווידאַניע!...

און פאַרנייגענדיג זיך צוויי מאָל האָט ער זיך געלאָזט מיט וואַקלענדע טריט געהן, באַגלייט פון דוואָשען מיט די פיער קינ־דער.

דרויסען איז געווען פינסטער און קיהל... לייבע'ן האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס, אויף וואָס ער האָט דאָס גאַנצע לעבען געהאַפּט און געוואַרט, איז איצט פערשוואונדען אויף אייביג.

דוואָשע ווידער, האָט געפיהלט, אַז מיט לייבע'ן איז עפּעס פאַרגעקומען, וואָס — ווייסט זי ניט... זי האָט געוואָלט איבער־רייסען די שטילקייט און האָט ניט געפונען קיין ווערטער. ענד־ליך האָט זי באַמערקט די באַקאַנטע בלאַטקע, וואָס געפינט זיך ניט ווייט פון זייער שטוב. זי האָט איהם געוואָרענט:

— פּאַמעלער, לייבע, ווי דו געהסט! דאָ איז די בלאַטקע...

לייבע איז געוואָרען בייז און אויפגערעגט:

— איך ווייס, איך ווייס... וואָס מיינסטו, איך בין ניט קיין היגער?...

און מיט אַז אַראָפּגעלאָזטען קאָפּ איז ער אַריין אין דער פינס־טערער שטוב.

פאַר די אויגען אָבער האָט איהם געשוועבט דאָס שמייכלענדע פּנים פון דער סטודענטקע, וואָס פאָהרט אין דער פריה אַוועק, און איז קאָפּ זיינען אומגעקראָכען צוויי ווערטער: פּראָשטשאַיטע, דאָ סווידאַניע...

# שהחינו

העניך זאוועל׳ס איז געווען א איד א דרעה־קאפ. זיין מח האט קיינמאל ניט גערוהט, נאר שטענדיג געארבייט וועגען נייע געשעפטען. מעהר ווי א חודש האט ער זיך ביי א געשעפט ניט געקענט האלטען, און אויב אפילו דאס ניי געשעפט איז גוט געגאנגען, האט ער זיך דאך ניט געקענט מיט איהם צופרידענשטעלען. ער האט געמוזט האבען נאך א קליין געשעפטעלע. בכלל פלעגט ביי העניך זאוועל׳ס א געשעפט זיך פרובפערען, פונקט ווי דאס געשעפט וואלט געלעגען אין דער ערד... פון יעדען געשעפט פלעגען נייע, קלענערע ארויסוואקסען, ביז אין א העלען פריהמארגען פלעגט זיך העניך זאוועל׳ס כאפען, אז סיי דער גרויסער געשעפט, און סיי די קליינע געשעפטעלעך ליגען אלע אין דער ערד און דעמאלט פלעגט זיין מח ווידער אנהויבען ארבייטען וועגען א נייעם געשעפט. דער נייער געשעפט איז ווידער געלעגען אין דער ערד און ארום איהם האבען זיך ווידער געשעפטלאך צעוואקסען...

און אזוי איז דאס געגאנגען, ביז העניך זאוועל׳ס האט זיך לסוף אזוי פארדרעהט, אז וועגען נייע געשעפטען איז שוין פארנישט געווען וואס צו טראכטען. ער האט קוים צונויפגעשלאגען מיט דער הילף פון זיין ווייב׳ס פערעל און זיין שבת׳דיגען אויבער־בגד, וואס ער האט פארזעצט, א רובעל דרייסיג, א רובעל פופציג האט ער פארכאפט פרעמד געלד, און אין א העלען פריהמארגען האט ער זיך אוועקגעלאזט צוגלייך מיט אלע שניידער און אנדערע בעלי־מלאכות למדינת הים, — קיין אמעריקא.

העניק זאוועל׳ס איז שוין דאן געווען א איד ארום פערציג; ווען ער וואלט אפגעגאלט די באָרד און וואנסען, ווי אלע, וואס קומען אין אמעריקא, וואלט ער אפשר געהאט א פנים ווי א יונגער

מאן, אָבער אַזוי ווי הענך זאַוועל'ס האָט זיך מיט זיין לאַנגער באָרד שיידען נישט געקאָנט און אַזוי ווי פון די פיעלע געשעפטען וואָס ער האָט אין דער היים געהאַט, איז די באָרד כמעט אין גאַנ־צען גראָה געוואָרען, האָט ער אויסגעזעהן ווי אַ איד אַ זקן. עס איז געווען אַ חדוש, ווי אַזוי מען האָט איהם גאָר אריינגעלאָזט אין אַמעריקאַ. אָבער דערפאַר האָט מען איהם אין קיין שאַפּ נישט געוואָלט אריינגעהמען און אויך אין אַמעריקאַ האָט הענך זאַוועל'ס זיך געמוזט נעהמען צו מסחר, צו ביזנעס הייסט עס.

אין אַמעריקאַ אָבער האָט הענך צו מסחר זיך ניט געקענט צופּאַסען. די ערשטע צייט האָט ער אַלץ נאָכגעפרעגט ביי זיינע לאַנדסלייט: „וואו איז דאָ, איך בעט אייך, ערגעץ דער מאַרק? וואו קומען דאָ ביי אייך צונויף די פויערים מיט זייער ווייץ, קאָ־רען, גערשטען, האָבער און שאר ירקות?“... און אַז די לאַנדסלייט האָבען מיט אַ חוזק־שמייכעלע איהם דערקלערט, אַז אין אַמעריקאַ זיינען בלויז דאָ סטריטען און עוועניוס און קיין מערק זיינען נישטאָ, האָט הענך דאָס בשום אופן ניט געקענט משיג זיין. ווי שיקט זיך עס, אַז אַזאַ כרך ווי ניו יאָרק זאָל ניט האָבען קיין מאַרק.

האָט ער זיך אַזוי אַרומגעדרעהט און געזוכט געשעפט, ביז וואַנען די לאַנדסלייט האָבען זיך צונויפגעלעגט און געקויפט איהם אַ וועגעל, און הענך זאַוועלס איז דאָ געוואָרען אַ „סוחר“ פון פרוכט, ווי ער האָט זיך גערופען און ווי די לאַנדסלייט האָבען עס גערופען — אַ פּעדלער.

קיין נאַשער איז ער ניט געווען, אָבער אויס לאַנגווייליע פלעגט ער פון יעדען פרוכט אָפּט פאַרזוכען. אַזויערנאָך איז ער באַהאַוועגט געוואָרען אין אַ קורצע צייט מיט די אַלע טעמים פון אַמעריקאַנער פרוכט, וואָס אין דער היים איז דאָס ניט בנמצא...

די פרוכט איז געווען זיס, אָבער די פרנסה אַ ביטערע; ער האָט זיך דערצו ניט באַטויגט. האָבען זיך די לאַנדסלייט אויף איהם מרחם געווען און איהם געשיקט אַהיים צוריק.

געקומען אַהיים גראָד אַ פּאָר טעג פאַר ראש השנה, האָט דאָס ווייב איהם געפרעגט, וואָס צו קויפען איהם אויף „שהחיינו“, האָט

זיך ארויסגעוויזען, אז עפעל און בארען האט ער שוין געגעסען דארטען.

— נו, וועל איך קויפען א פאר פלוימען... — האט דאס ווייב אונטערגעזיפצט.

האט זיך שוין העניך זאוועל'ס ניט געקאנט איינהאלטען און זיך שטארק צולאכט:

— פלוימען?... ביזט, האב קיין פאראיבעל ניט, א שטיקעל שוטה... שהחינו אויף פלוימען? איך האב שוין פלוימען געגע־סען מיט דריי חדשים צוריק.

— הען אביסעל... — האט דאס ווייב פארקנייטשט דעם שטערן... — וועל איך דאך, הייסט עס, מוזען אויסגעבען א גאנצען זעקסער אויף „קאוואנע"...

— טא זיי זשע נישט קיין נאר... — האט איהר העניך איבער־געשלאגען און האט זיך אויסגעצויגען גלייך ווי א סטרונע, — וואס מיינסטו, אז איך האב דארט געפאסט תעניתים? איך האב שוין אויף קאוואנע, וואדעמילאן הייסט עס דארטען, געמאכט שהחינו דאך ערב תשעה באב... עס קאסט א פענע א שטיק...

— אויב אזוי, וועל איך קויפען עטליכע וויינטרויבען... — האט דאס ווייב געזיפצט.

האט זיך אבער ארויסגעוויזען, אז אויף וויינטרויבען האט ער שוין אויך אין אמעריקא שהחינו געמאכט...

דא האט זיך דאס ווייב אביסעל אפגערוקט, ווי זי וואלט ניט זוכה געווען צו שטעהן אזוי נאהענט נעבען אזא רייכען מענשען... זי האט ניט געקאנט גלויבען, אז איהר העניך, וואס פלעגט תמיד מאכען ראש השנה שהחינו איבער אן עפעל, זאל מיט אמאל אלע מינים פירות שוין האבען געגעסען.

און זי האט מיט דרך־ארץ איבערגעפרעגט:

— אויב אזוי, ווייס איך שוין טאקע ניט וואס איך זאל קויפען. איך ווייס גארניט צו קריגט מען שוין דא אנדערע פירות, א חוץ ד'י... אדרבה, זאג דו...

דא האט זיך העניך דערמאנט אז זיין וועגעלע פרוכט און ער

האט גענומען מיט די פינגער צעהלען די מינים, וואס ער האט שוין געגעסען:

— פיין־עפּעל... שוין געמאכט שהחינו... באנאנעס איז ניט שייך געמאכט — דאס עסט מען תמיד... טשערים, סטראבערים...

און כדי דאס ווייב זאל מעהר דרך־ארץ האבען, האט ער אנגעהויבען ארייננברענגען אויך גרינס אין די פּרוכטען מיט די ענגלישע נעמען.

— פּיקעל... טאמייטא... פּאטייטע...

— נו, אויב אזוי — האט איהם דאס ווייב איבערגעשלאגען, — וועסטו היי־יאהר אויסקומען אהן שהחינו, — אזוינע מינים פירות, ווי טאמייטא, פּאטייטא איז ניטא אין גאנץ שטעדטעל.

און אז דאס ווייב איז ארויס אין מארק קויפען פאר זיך אליין און פאר די קינדער אויף שהחינו א פּאר עפּעל, האט זי זיך ניט געקאנט איינהאלטען און זיך אנגערופען צו דער אידענע, וואס האט פארקויפט די פּרוכט:

— ווי געפעהט אייך, אז מיין העניך וועט היי־יאהר ניט קענען מאכען קיין שהחינו?...

— וואס הייסט? עפּעס א שטיקעל חולה? — האט די מארק־אידענע זיך געמאכט תמ'עוואטע...

— ניין, ניט דאס! — האט העניך'ס ווייב מיט גדלות גענטפערט, — ער האט שוין דארט אויף אלע מינים פירות שהחינו געמאכט...

און אפילו געהענדיג צוריק האט זי זיך ניט געקענט איינהאלטען און האט פאר אלע שכנות זיך כלומר'שט געקלאגט:

— וואס זאגט איהר אויף מיין אומגליק? מיין העניך בלייבט היי־יאהר אהן שהחינו... ער האט שוין דארט אלע פירות, אפילו „פּאטייטא" פארזוכט...

און העניך איז צוריק עולה לגדולה געווארען סיי ביי זיין ווייב און קינדער, סיי ביי די שכנים.

— א קלייניגקייט, — א איד האט ניט איבער וואס שהחינו צו מאכען! אזוינס קען פּאסירען נאר מיט'ן גרעסטען גביר...

און סיי די ווייב און סיי די „שטאָדט“ האָט איהם מוחל געווען, וואָס ער איז געקומען צוריק פון אַמעריקא מיט צוויי דאָלער. הייסט עס, ער האָט דאָרט כּאָטש געלעבט ווי אַ מענש... כּאָטש כדאי געווען דאָס פאָהרען...

# יונגער

„פאראנגען זאכען, וואס האבען מיט דיר געכטען געשעהן און האסט זיי היינט פארגעסען. אבער מאנכעס, וואס איז, דאכט זיך, ווייניגער וויכטיג ווי דאס, וואס דו האסט פארגעסען, געהט דיר קיינמאל פון זין ניט ארויס, ווערט קיינמאל ניט אפגעמעקט פון דיין הארץ. פארקעהרט, וואס וויימער דו ביזט פון דער געשעהעניש, אלץ נעהנטער קומט זי דיר פאר. וואס עלטער זי ווערט, אלץ פרישער איז זי אין דיין עראינערונג".

אזוי האט געפילאזאפירט א מיטעליעהריגער מאן, זיצענדיג אויף דער ווראנדע מיט איניגע באקאנטע אויף דער פארם, וואו־הין זיי זיינען געקומען אפרוהען.

עס איז געווען א פארנאכט נאך א שטורעם. אויף די צוויי־גען, וואס האבען אראפגעהאנגען נידריגער ווי שטענדיג, זיינען געשטאנען גרויסע טראפענס, באפינקעלט פון די שטראלען פון דער פארגעהענדיגער זון. א מאנכעס צווייגעל איז געהאנגען האלב אפגעבראכען און האט זיך ווי געקלאגט אויפ'ן שטורם. דער מאן אין די מיטעלע יאהרען האט פאררויכערט א סיגאר, אריינ־געצויגען מיט הנאה דעם רויך אין זיך, ארויסגעלאזט אין דינע זיילען, זיך ענטשולדיגט פאר א ליידי, וואס איז געזעסען נעבען איהם, און אפגעטריבען דעם רויך מיט דער האנט אין אן אנדער זייט און פארטגעזעצט:

— א שטורם אויף א זומער־וואוינונג דערמאנט מיך שטענדיג אן עפיזאד פון מיין יוגענד אין דער אלטער היים. איך האב עס ליעב צו דערצעהלען יעדען מאל, ווען איך זיץ מיט מענשען אין מיינע יאהרען. ווען דא, צווישען אונז, וואלטען זיך געפונען צו יונגע, וואלט איך עס ניט דערצעהלט. ווען מען דערצעהלט פאר יונגעלייט עראינערונגען,

מיינען זיי, אז מיר זיינען שוין גאר אלט... יונגע מענשען לעבען מיט דער געגענוואַרט. פאַר אייך שעהם איך זיך ניט. געווים פיהל איך מיך נאָך יונג; אבער דער היינטיגער שטורם דערמאַנט מיך אן דער צייט, ווען איך בין אזוי יונג געווען, אז איך האָב ניט גערארפט אויסנעהמען מיט יעדען א תנאי, אז איך בין יונג.

און דאַמאלס האָט עס פאַסירט...

איך זעה, איהר ווערט נייגעריג; איבערהויפּט די דאַמען. מעגליך, אז איהר וועט ווערען ענטוישט. לויט מיין פאַררעדע קענט איהר מיינען, אז גאָט ווייסט וואס עס האט פאסירט; עס האָט אייגענטליך גאָרנישט פאַסירט.

דאס איז פאַרגעקומען אויף יענער זייט ים. אין גאַנצען מיט פופצעהן יאָהר צוריק. איך וועל אייך ניט זאגען, ווי אלט איך בין דאַמאלס געווען, כדי איהר זאָלט ניט וויסען גענוי מיין על־טער. איך האָב דאַמאלס געוואוינט די פאַר זומערדיגע מאָנאַטען אויף אויפ'ן לאַנד, אין א שעהנעם קליינעם זומער־פלאַץ. דער פלאַץ איז געווען איינגעטונקט אין בוימער, צווישען וועלכע עס האָבען זיך געפונען פיעלע הויבע און שמאַרקע. געוואוינט האָב איך דאַמאלס מיט א חבר אין איין הייזעל, וואס מיר האָבען גע־דונגען ביי א פאַרמעגליכען פויער. דער חבר איז געווען אין איין עלטער און אין איין וואוקס מיט מיר. וואָס אנבאַטרעפט אונזער געזעלשאַפטליכע שטעלונג און אונזערע געהאַלטען זיינען אויך גע־ווען דאס זעלבע. דערפאַר האָבען מירביידע גלייך געהאַט דעם זעלבען ערפאַלג ביי די מיידלאַך, וואָס האָבען זיך געפונען אין יענעם קליינעם זומער־פלאַץ. מיר האָבען איינער דעם אַנדערן ניט געקאָנט איבערשטייגען ניט אין שעהנקייט, ניט אין חכמה און אפילו ניט אין קליידער. מיין חבר האָט אפילו אַמאָל מיך גע־וואָלט איבערשטייגען מיט א פּאַנאַמע־הוט, וועלכע ער האָט, פאַה־רענדיג אין שטאָדט, פון דאָרט געבראַכט, און זי האָט איהם זעהר געפּאַסט. אין יענעם טאָג איז ער ווירקליך געווען ערפאָלגרייכער, ווענינגסטענס האָט זיך מיר אזוי געדאַכט; בין איך אויך ניט געווען קיין פאַרשלאָפען אינגעל, בין אויף כאַרגען אוועקגעפאַה־

רען אין שטאדט און אויך געקויפט א פאנאמע־הוט, וואס האט מיר פונקט אזוי געפאסט, ווי איהם. אבער דער דאזיגער קאמף צווישען אונז פאר ערפאלג ביים שענעם מין איז פארגעקומען אויף א גוט־מוטיגען שטייגער, מעהר אין הומאר, ווי אין ערנסט.

דער אמת'ער קאמף צווישען אונז האט זיך אנגעהויבען, ווען אין דעם זומער־פלאץ, ניט ווייט פון אונזער הייזעל, האט זיך באזעצט א פאמיליע, וועלכע האט פארמאגט גאנצע דריי טעכטער, און אלע עכטע שעהנהייטען. צום גליק איז שוין איינע געווען א כלה, אזוי אז די איבריגע צוויי זיינען געווען פאר אונז ערררייכ־באר, אויב מיר זאלען נאר נושא־חן זיין ביי זיי. די ערשטע טעג איז די באקאנטשאפט פארגעקומען פון זייער זייט מיט א געוויסער פארזיכטיגקייט. דאס זיינען געווען מיידלאך פון א באלעבאטי־שער פאמיליע, וואס האבען זיך ניט געקאנט ערלויבען פארבינדען באקאנטשאפט מיט אבי־וועמען. ערשט שפעטער, ווען מיר זיינען אויף א דיפלאמאטישען אופן באקאנט געווארען און זאגאר נא־הענט געווארען מיט זייער פאטער, א גוטמוטיגער מאן אין די פופציגער, און מיט דער מוטער, וועלכע האט אויף אונז געקוקט, ווי יעדע מוטער וואס האט טעכטער, קוקט אויף יונגע לייט, פון א פראקטישען שטאנדפונקט, — ערשט דאן האבען די צוויי טעכ־טער און אפילו די דריטע, א כלה, פון צייט צו צייט זיך אפגע־שטעלט נעבען אונזער הייזעל און א ביסעל קאקעטירט מיט אונז, ווי ווייט עס האט ערלויבט די באלעבאטישע ערציהונג.

און נאך שפעטער, ווען פיעלע פון דעם זומער־פלאץ זיינען זיך צעפאהרען אין שטאדט, און אויפ'ן זומער־פלאץ איז געווארען איינזאמער און קיהלער, האבען מיר שוין געוואגט, איך און מיין חבר, אריינקומען אין הויז צו דער פאמיליע און פריי פארברייננגען מיט די טעכטער, אין וועלכע מיר האבען שוין באוויזען זיך צו פאר־ליעבען, כאטש וויסען אויף קלאר, ווער פון אונז האט איינע פון די צוויי ליעב, האבען מיר ניט געוואוסט: זיי זיינען געוועןביידע ליעב, ביידע גראציעז, ביידע אנציהענד.

די טעכטער, פון זייער זייט, האבען אויך ניט ארויסגעוויזען

מעהר ליעבע צו איינעם פון אונז; אמאל האט איינע גערעדט, דאכט זיך, פריינדליכער צו מיר, וועהרענד די צווייטע האט מיך פארנאכלעסיגט און איהר גאנצע אויפמערקזאמקייט געשענקט מיין חבר. האט דאס מיר שוין געקרענקט און מיר האט זיך דאמאלס געדאכט, אז יענע, וואס איז נעהנטער מיט מיין חבר, איז שעהנער און אנציהענדער. האב איך זיך געלאזט צו יענער, זעהן, צי איז זי טאקע נעהנטער מיט מיין חבר, האט זיך ארויסגעוויזען אז פאר־קעהרט, זי רעדט שוין נאר מיט מיר, און מיין חבר ווענדט זיך שוין צו מיינער; איז מיר שוין מיינע געווארען טייערער.

ביז א געוויסען אבענד, ווען מיר זיינען געקומען שוין ווי היי־מישע מענשען צו דער פאמיליע אויף טיי, און דאמאלס האט זיך פאר מיר איינע אנטפלעקט מיט אלע איהרע חנ'ען. יא, זי איז ווירקליך די אינטערעסאנטסטע, די לעבענסלוסטיגסטע; זי האט געפאנגען מיין הארץ; אין איהר אליין בין איך פארליעבט.

צום גליק האט מיין חבר דאס זעלבע ענטדעקט אין דער צווייטער. אויף אזא אופן איז אונז עפעס ווי מיט אמאל קלאר געווארען. מיר האבען זיך צוזעצט אויף דער וועראנדע אין באזונדערע ווינקעלאך, און ווען עס איז פינסטער געווארען האב איך געפרובט אויסדריקען מיינע געפיהלען אויף א רעאלען וועג; נעמליך, איך האב מיינע ארומגענומען און א קוש געטאן גלייך אין די ליפען...

וואס פאר א ווערט האט היינט א קוש! — אבער דאמאלס איז דאס געווען ביי מיר א העלדענטאט. מיין קוש איז געקומען אזוי אומערווארטעט,אז מיינע האט זיך גלייך פארלארען. ערשט נאך דעם, ווי איך האב מיינע ליפען אוועקגענומען פון איהרע, האט זי מיך אנגעקוקט ווי דערשראקען און באגליקט צוזאמען, און געפרעגט:

— איהר מיינט עס ערנסט?...

— הייליג! — האב איך שטיל אויסגערופען, כדי מיין חבר זאל נים דערהערען.

מיין חבר האט אבער נים געקענט דערהערען, ווייל מיט איהם

האט פאסירט דאסזעלבע. דאס האב איך געפיהלט, כאטש איך האב עס ניט געזעהן.

מיט אונזערע קושען האבען מיר אין די צוויי יונגע וועזענס אנגעצונדען א ניי ליכט, אזוי אז קיין ליכט אויף דער ווערשאנדע האט מען ניט געדארפט.

ערשט אין א שטונדע ארום נאך די האלזונגען, האנטדריקונגען און ווידער קושען האבען מיר דערהערט, ווי מען רופט אונז:

— אפשר וואלט איהר אריין אין הויז?... עס ווערט קיהל.

דאס איז געווען די שטימע פון דער מוטער. עס איז געווען קענטיג, אז זי גיט איהר הסכמה. אויך דער פאטער, פון זיין זייט, האט אונז געלאדען:

— קומט, קינדער, אין שטוב אריין... וועלען מיר טרינקען טיי...

נאכ'ן טיי האבען מיר שוין אייגענטליך געדארפט אוועקגעהן. עס איז שוין געווען א זייגער עלף, און פאר א זומער־וואוינונג איז דאס די העכסטע צייט צו לאזען באלעבאטישע מענשען געהן שלא־פען. איך און מיין חבר אבער האבען דערפון ניט געטראכט אפילו. ווי הייסט אוועקגעהן פון דעם גן־עדן? — אוים ערעלקייט האב איך דאך א מורמעל געטאן, ווענדענדיג זיך צום פאטער און צו דער מוטער:

— איך מיין, אז מיר שטערען אייך צו געהן שלאפען...

— אך! — האט דער פאטער, טאלעראנט צו יוגענד בכלל און צו אונז בפרט, זיך אפגערופען, — ווארום זאלט איהר אונז שטע־רען? אז איך מיט דער אלטער, — האט ער שוין געשמייכעלט, — וועלען וועלען געהן שלאפען, וועלען מיר געהן. איהר, יונגע לייט, קענט זיך פארברייגען.

און אזוי איז געווען. אין א האלבער שעה ארום זיינען זיי ארויף אויף דער „סאלקע“ וואס דאס הויז האט פארמאגט, און אונז איבערגעלאזען מיט די טעכטער...

וואס, מיינט איהר, איז געווען? גארנישט! מיר זיינען גע־זעסען איינע נעבען די אנדערע און גערעדט, געזונגען לידער, און

אז די עלטערן האבן שוין איינגעשלאפן, האבן מיר אנגעשטעלט דעם גראמאפאן און געטאנצט...

אומשולדיגע פארגניגענס, לויט אונזער הייניגען באגריף; אבער דאמאלס האט דאס אונז אזוי אויפגעשטורעמט, אז מיר האבן פארגעסען די גאנצע וועלט, די צייט און אלץ, וואס עקזיס־טירט. פאר אונז האט נאר עקזיסטירט די צוויי; אפילו די דריטע, די כלה־מיידעל, וואס האט זיך געפונען אין אונזער מיטע, איז אונז ניט אנגעגאנגען.

אזוי איז אריבער די נאכט. מיר וואלטען עס אויך ניט באַ־מערקט, ווען די ליכטיגקייט פון טאג וואלט ניט צו שטארק גע־שטערט די ליכטיגקייט פון דעם לאמפ.

דערזעהענדיג דורך די פענסטער דעם ליכטיגען טאג, וואס האט אונז באגריסט, האבן מיר זיך צולאכט, ווי גליקליכע קינ־דער:

— מען האט גארניט באמערקט, ווי די נאכט איז אריבער.

מיר האבן זיך צוזעגענט און איך מיט מיין פריינד האבן זיך געלאזט געהן צו אונזער וואוינונג.

געהענדיג האב איך באמערקט ווי דער דרויסען איז עפעס גע־ווארען אז אנדערער. די לופט איז געווען א שטארקע און א קיה־לע, און דער הימעל האט אויסגעזעהן ווי נאך א גרויסע איבער־לעבעניש...

און פלוצלונג האט מיין חבר אויסגערופען:

— איך דערקען ניט דעם וועג, זעה, ווי קומט אהער דער דעמב, וואס ליגט אין מיטען וועג? דא איז קיינמאל ניט געלעגען קיין דעמב.

איך האב זיך אומגעקוקט: ווירקליך, לויט איך געדענק, איז דא קיינמאל איבער'ן וועג קיין איבערגעבראכענער דעמב ניט גע־ווען. איך האב באטראכט דעם וועג ווייטער און באמערקט אין דער זייט עטליכע קלענערע ביימער ליגען אויסגעצויגען...

— וואו זיינען מיר? — האב איך ניט אהן שרעק אויסגערופען און אנגעקוקט מיין חבר.

מיין חבר האָט ניט געוואוסט וואָס צו ענטפערען. ענדליך האָבען מיר באַגעגענט דעם פויער, ביי וועלכען מיר האָבען געוואוינט. ער האָט אונז באַגריסט און קוקענדיג אויף אונז און צלמ׳ענדיג זיך, האָט ער געפרעגט:

— וואו זייט איהר געווען? איך האָב געמיינט, דער שטורם האָט אייך דער׳הרג׳עט...

— דער שטורעם?... — וועלכער שטורעם?! — האָבען מירביידע ניט פאַרשטאַנען.

דער פויער האָט אונז אָנגעקוקט איבערראַשט און בייז געענטפערט:

— וואָס? איהר לאַכט פון מיר? עס איז דאָך געווען די נאַכט אַ שרעקליכער שטורעם. זעהט, די בוימער זיינען אויסגעריסען געוואָרען מיט די וואָרצלען... וואו זייט איהר דען געווען?

איך האָב אָנגעקוקט מיין חבר, ער — מיך, און האָבען זיך דערמאָנט אָן דער פאַרגאַנגענער נאַכט, אָן דעם שטורם, וואָס האָט זיך דורכגעטראָגען איין אונזערע הערצער...

— ניין! — האָבען מיר ביידע געענטפערט, — מיר האָבען דעם שטורם ניט געהערט...

* * *

דער מיטעליעהריגער האָט אַ ציה געטאָן דעם סיגאַר, ארויסגעלאָזט אַ דיקען זייל רויך און פילאָזאָפיש געמורמעלט:

— אָט דאָס הייסט — יוגענד!...

און איז געבליבען זיצען אַ פאַרטראַכטער.

# די אומרוהיגע

אנגעקומען אין דער גרויסער שטאָדט, איז העניע באַלד אַריינ־געפאַלען אין אַ קרייז פון רעוואָלוציאָנערען.

— מיין סטיכיע איז צושטערונג! — האָט זי זיך פאַרענטפערט פאַר די פאַר רוהיגערע פריינדינס און קרובים, וואָס האָבען גע־וואָלט זי זאָל בעסער זיך לערנען.

האָבען זיי זי באַדויערט. און דער לעהרער, וואָס האָט איהר געגעבען איניגע לעקציעס, האָט זיך געקלאָגט:

— אַ שאָד, אַזאַ מיידעל, אַזאַ קאָפּ! ווען זי שטודירט, וואָלט פון איהר אַרוים אַ פּראָפעסאָר.

אָבער לערנען זיך סיסטעמאַטיש האָט זי נישט געהאַט קיין געדולד. רוסיש און פּויליש האָט זי גערעדט סיי־ווי־סיי. אידיש איז אָפּגערעדט — אַ טאָכטער פון קליינשטעדטעלדיגע חסיד'ישע עלטערן. אַ וואָס? פּאָליטישע עקאָנאָמיע? איז פאַר איהר גע־גוג עטליכע קאַפּיטלעך באַגדאַנאָוו און זי ווייסט שוין די גאַנצע טעאָריע פון מעהר־ווערט און עקספּלואַטאַציע...

דער עיקר איז דער קאַמף.

טאָמער דאַרף מען איבערפיהרען אַ באָמבע פון איין וואוינונג, וועלכע האָט זיך אַנגעריסען, אין דער צווייטער וואוינונג, וועלכע איז נאָך כשר, איז העניע די ערשטע עס צו טאָן. זי איז נאָך קיינ־מאָל ניט דורכגעפאַלען. זי פאַרקעמט איהרע בלאָנדע האָר סעצעסיע, מאַכט אַ פרומע, כשר'ע מינע און עס דאַכט זיך, אַז אין דער דראָזשקע, וואו זי זיצט און פיהרט אין אַ טשעמאָדאַנטשיקעל — די באָמבע, פאָהרט אַ פּוילישע פריצישע טאָכטער. ווער וועט וואַ־גען זי אָפּצושטעלען, זי צו פאַרדעכטיגען?

פאַרקערט, טאָמער פאַלט אַריין איינער פון איהרע באַקאַנטע,

איז זי די איינציגע, וואָס איז ביי דער זשאַנדאַמעריע לעגאַל און געהט בלאָפּאַטשען אָדער פאַר זייער באַפרייאונג, אָדער מען זאָל צולאָזען עסען פאַר זיי.

דאָס האָט אָבער איהר אומרוהיגען גייסט נישט צופרידענגע־שטעלט. עס האָט נאָך איהר געצויגען צו אַוואַנטיורעס וואָס זיינען ספּעציעל פּאַסיג פאַר אַ פּרויען־כאַראַקטער. אויב פאַר די חברים, וואָס זיינען געווען ערנסט איבערגעבען דער זאַך האָט זי נישט געקאָנט שפּילען איהר עכטע פּרויען־ראָליע, האָט זי אָבער געהאַט אַ קרייז פון אַזעלכע באַקאַנטע, ביי וועמען ליעבע איז דער הויפּט־זין פון לעבען. דאָס איז געווען די גרויסשטעדטישע באַיעס, צווי־שען וועלכע זי איז אויך געווען איינע פון די נאָהענטסטע. דאָ איז איהר געזעלשאַפטליכער רעוואָלוציאָניזם פערביטען געוואָרען אויף אינדיווידועלען... דאָ האָט מען געדאַרפט ברעכען אַלטע געטער, אַלטע אַנשויאונגען. העניע האָט אויך פון די טעאָריען געוואוסט. זי איז אויך אין דעם באַהעמען־קרייז געווען די פיהרערין.

דאָ האָט זי שוין געהאַט פאַרהערער און אַזעלכע, וואָס האָבען איהר ליעב געהאַט. אָבער געווינען העניע'ס ליעבע איז געווען שווער, ווי פאַנגען אַ פויגעל. וועמען האָט העניע ליעב, האָט מען זעלטען געוואוסט. אַט דאַכט זיך, שענקט זי אַוועק איהר גאַנצע אויפמערקזאַמקייט צו באָריס'ען, דעם ניט־אַנערקענטען פּאָעט, בעט איהם, אַז ער זאָל איהר באַגלייטען אַהיים. מיינען שוין די אי־בעריגע, אַז זי וועט שוין בלייבען זיינע און מען ווערט איהם שוין שטילערהייט אַ שונא: פאַרוואָס דוקא איהם, וואָס זיינע ליעדער זיינען אַזוינע ניט־געלונגענע?... אויף מאָרגען אָבער ערפאַהרען זיי טאַקע פון באָריס'ען אַליין, אַז אין מיטען וועג איז זי „משוגע" געוואָרען און איהם געהייסען, אַז ער זאָל זי לאָזען אַליין, ער איז איהר נישט אינטערעסאַנט...

האָבען זיך די איבעריגע דערפרעהט און יעדער האָט געהאָפט, אַז אפשר וועט העניע געפינען איהר אידעאַל אין איהם. און ווירקליך האָט אין עטליכע טעג אַרום געשיינט, אַז איהר האַרץ האָט געוואונען בענדעט, דער העברעאישער לעהרער מיט דעם

קינסטלער־קראוואט. זי האט איהם געבעטען ער זאל זיצען גלייך און זיך לאזען אריינקוקען איהם אין די אויגען אריין. זי האט איהם אזוי געקוקט אין די אויגען ביי א דריי מינוט און נאכדעם האט זי פאטעטיש אויסגעזוונגען:

— וואונדערבארע אויגען! אזעלכע פארטראכטע. איך האב אזוי ליעב אזעלכע אויגען. בענעדיקט, זאג מיר וועגען וואס טרוימסטו?

דער ערנסטער טאָן און דער איבערגאנג אויף דו, האט בענע־דיקט'ן דערהויבען. ער האט זיך אויפגעשטעלט פון זיין פלאץ, פארריכט זיין קינסטלער־קראוואט און אויסגעטראכט אַן'ענטפער:

— איך טרוים וועגען דער צייט, ווען אלע מענשען... — און איי־דער ער האט צייט געהאט צו פארענדיגען זיין טרוים, האט העניע אינגאנצען אַנ'איבערגעביטענע איהם איבערגעשלאגען:

— אך, שווייגט! איהר זיינט א נאר!

און ווענדענדיג איהר גענאד־בליק צו דעם יונגען סטודענט, זאלקינד'ן, האט זי זיך אנגערופען:

— זאלקינד, וואס שווייגט איהר? האט איהר מיר גארנישט צו זאגען א גוט ווארט? איך בענק אזוי נאך א ווארעם ווארט. אך, ליעבער זאלקינד...

האט שוין זאלקינד געמיינט, אז זי איז אינגאנצען זיינע... איז ער צוגעגאנגען צו איהר, א גלעט געטאן איהרע גאלדענע האר און געענטפערט:

— איך האב פאר אייך א סך גוטע ווערטער... איך וויים אבער נישט, צי זיי וועלען אייך אינטערעסירען.

— איבעריגענס... איהר זיינט איבעריגענס גערעכט... — האט זי פלוצים חרטה געקריגען. — וואס דארף איך אייערע גוטע ווער־טער?... מיין הארץ בענקט נאך שעהנקייט, נאך פאעזיע! באַ־ריס! דעקלאמירט מיר עפּעס אייערס א ליעד פון די מאדערנע, פון די נייע... איך וועל זיי פארשטעהן.

באריס, ענטציקט פון איהר אפשאצונג, האט זיך צוגערוקט צו איהר און אנגעהויבען:

ווי די ווייסע וועלען
ציהען זיך צום ברעג און שוימען,
אזוי ציהען, אזוי גליהען
צו דיר, ליעבסטע, מיינע טרוימען!

האבען שוין די איבעריגע, וואס זיינען דערביי געווען, באַמערקט, אַז באַרים האָט זי שוין געוואונען. אבער העניע האָט ביים דריטען פערז אויפגעעפענט די אויגען, אנגעקוקט איראניש באַרים'ען און זיך צוגענעצט.

— ניין, דערמיט נעמט מען מיך ניט... ניין, דער פּאָעט, וואס זאל מיך נעהמען מיט זיינס אַ ליעד, ברויך צו זיין אַ בייראָן... אַך, אַ שאָד, היינט זיינען ניטאָ קיין בייראָנ'ס... אַלץ איז אזוי וואָכעדיג...

אַנקוקענדיג זי האָט מען געדענקט, אַז זי בענקט ווירקליך נאָך אַ בייראָנ'ען, אבער באַלד האָט מען באַמערקט, אַז זי מיינט עס נישט. זי פאַרעהרט נור די פּיזישע קראַפט. זי האט זיך געווענדעט צום גביר'ישען יונג, וואס האט זיך אין קרייז געפונען, און געבעטען:

— לייקין! פון וואנען האָט איהר אזוינע געזונטע שולטערן? איהר זעהט אויס ווי אַ ריעז. אַך, ווי איך פאַרהערליך קראַפט! אנו, — האָט זי אויפגעשטראַלט, — פּרובט, הויבט מיך אויף אין דער הויך.

לייקין, ווירקליך אַ קרעפטיגער בחור, האט זיך עטוואָס געקווינקעלט, מורא האבענדיג פאַר אַן ענטזאַגונג. פאַרשעמט איז ער צו איהר צוגעגאַנגען און לייכט זי אויפגעהויבען אַ ביסעל אין דער הויך.

— העכער! העכער! — האט זי זיך געבעטען.

לייקין האָט זי אריינגענומען אין זיינע אָרעמס און זי אַרויפגעזעצט אויף זיין לינקען קאַרק.

— אַך, ווי גוט! — האָט זי פון דער הויך אראָפּגעזונגען. — אַט אזוי האָב איך ליעב! אַ מאַן דאַרף קענען טראָגען די פרוי אין דער לופטען.

— איך וואָלט אייך שטענדיג געטראָגען... — האָט ליקין, וואָס האָט שטילערהייט ליעב געהאַט דאָס דאָזיגע ווילדע מיידעל, אַ גליק־ ליכער פאַרזיכערט...

— שטענדיג! — האָט זי זיך חנ'עוודיג פאַרקרימט, — דאָס איז ניט אינטערעסאַנט. לאָזט מיך אַראָפּ, איך בעט אייך! — האָט זי שטרענג באַפוילען.

און אַראָפּגעהענדיג האָט זי שטילערהייט, ווי פאַר זיך, גע־ רעדט:

— אַך, מיין אידעאַל איז אַ צאַרטער מאַן, עטוואָס קרענקליך, איך זאָל איהם קענען צערטלען, גלעטען און זיין איהם ווי אַ מו־ טער! אָט וואָס איך וואָלט וועלען!...

און אַזוי ווי אַזאַ האָט זי צווישען די אַנוועזענדע ניט געפונען, איז העניע ענדליך אַוועק אַן ענטטוישטע און ניט געוואָלט קיינער זאָל זי באַגלייטען...

זי איז אַוועק צו די רעוואָלוציאָנערען. דאָרט ווערט זי אַן אַנדערע. ליבעריי איז איהר שוין נמאס געוואָרען. זי וואָלט ווע־ לען צושטערען די גאַנצע אָרדנונג: עס איז איהר מיאוס דאָס לעבען.

# די אנטלאפענע כלה

ענדליך האט די אומרוהיגע העניע איינגעשטימט חתונה צו האבען. דאס איז פארגעקומען אויף זעהר א פאטעטישען אופן אין דער דראזשקע, וואו עס איז געזעסען העניע און דער שטענדיג פארליעבטער איזאקאוויטש און דער פארעהרער באריס. געפאהרען זיינען זיי אלע דריי פון א רעסטאראן, וואו זיי האבען געגעסען אבענד־ברויט און געטרונקען וויין. די דראזשקע האט מען געדונגען אויף א גאנצער שעה א שפאציר. העניע איז געזעסען מיט איזאקאוויטש'ען, און באריס קעגענאיבער. אזוי ווי דרויסען האט עטוואס גערעגענט, האט דער דראזשקאר אויפגעשטעלט דאס ביידעל און די אלע דריי פריינד האבען זיך געפונען אין א זעהר אינטימער לאגע. איזאקאוויטש האט, כלומר'שט פאר ענגשאפט, ארומגענומען העניע'ן. העניע האט כלומר'שט פאר ענגשאפט, ניט פראטעסטירט. איז דער סענטימענטאלער איזאקאוויטש געווארען גערירט און האט זי שטארקער צוגעדריקט צו זיך און איהר געגעבען א קוש אזש אין די אויגען.

צי האט ער אנפאנגס געמיינט אין שטערען, נאר אין דער פינסטער האט ער פארבלאנדזשעט אין די אויגען, אדער ער האט גלייך געציעלט אין איהרע שעהנע בלאהע אויגען — דאס מאל האט ער געטראפען. העניע האט איהם ניט נאר פון זיך ניט אפגעשטויסען, נאר פארקעהרט, זי האט שנעל איהם ארייגעכאפט אין איהרע שמאלע ארעמס און איהם געגעבען א פלינקען קוש אין די ליפען.

באריס, וואס איז געזעסען אנטקעגען און געבילדעט דעם סגל פון דער גרופע, האט זיך ענטציקט. א גרויסער מבין אויף ליעבעס־ציענען בכלל, האט ער געפונען, אז דאס איז ארויס זעהר נאטיר־

ליך און פול מיט עכטקייט. ער האט געפּאטשט, ווי ער וואלט גע־זעסען אין דער אפערא, אין די הענט, און זיך צעזונגען:

בראוואו! בראוואו!

די צוויי „קינסטלער“, איזאקאוויטש און העניע, וואס האבען אייגענטליך, עס זעהר ערנסט געמיינט, און ניט געשפּיעלט קיין טעאטער, האבען זיך פון דעם בראווא ערוואכט. דאן האט איזא־קאוויטש זי ווידער ארומגענומען און זי געקושט גלייך אין די ליפען און זיך צעזונגען:

— העניע!... העניע!...

ער האט געוואלט נאך עפּעס זאגען, אבער ער האט ניט גע־קענט צוליעב א גרויסער כוואליע פון ליעבעס־געפיהלען, וואס האט פארטרונקען זיינע ווערטער. אויך העניע איז געווען דאס מאל שטארק געריהרט. אנשטאט צו ריידען, האט זי זיך פלוצים צע־וויינט...

באריס, וואס איז געווען א מבין אויף אלערליי מיידעלשע טרעהרען, האט געדרונגען, אז דאס זיינען טרעהרען פון פרייד. און פלוצים האט איהם באפליגעלט א גרויסע אידעע און אנשטאט צו פּאטשען בראווא, האט ער זיך אויפגעשטעלט פאר באגייסטע־רונג, זיך צוריקגעזעצט און זיך געווענדט צו ביידען, אנכא־פענדיג איין האנט ביי העניע'ן און די צווייטע ביי איזאקאוויטש'ען:

— פארבינדט זיך אויף אייביג! גענוג זיך ארומוואלגערען...

— דו הערסט, העניע, וואס באריס זאגט?... — האט איזאקא־וויטש זיך געווענדט צו העניע'ן און זי געגלעט איבער'ן קאפ.

— יא... — האט העניע שטיל, מיט אן אראפּגעלאזטען קאפּ געענטפערט...

— אט אזוי! — האט באריס געריבען די הענט — איך גיב אייך מיין ברכה... און איצט, איזאקאוויטש, נעהם זי צו דיר אהיים — צערעמאניעס זיינען איבעריג.

העניע האט דערויף איינגעוויליגט מיט אן ערנסטען שטיל־שווייגען. איזאקאוויטש האט זיך געקווינקעלט...

— אך, מיין גאט! מיין גאט! — האט ער געברומט, —

גראַד היינט האָב איך זיך צעווערטעלט מיט מיין הויז־פרוי... איך אַליין האָב גאָר היינט געוואָלט געהן נעכטיגען צו דיר.

— צו מיר איז נאָך בעסער! — האָט באָריס זיך אָנגעכאַפּט. — וועלען מיר די נאַכט אַלע דריי וואַכען און פאַרברענגען, און מאָר־גען וועלען מיר צוזאַמען זוכען אַ דירה... האַ, ווי געפעהלט עס אייך, העניע?...

העניע איז אָבער געוואָרען אַזוי ראָמאַנטיש סענטימענטאַל, אַז זי האָט געוואָלט גלייך אַנטלויפען ערגעץ מיט איזאַקאָוויטש'ען מיט דעם, וועלכע זי האָט, דאַכט זיך, ליעב געהאַט שטענדיג און די איבעריגע באַקאַנטשאַפטען זיינען בלויז געווען לייכטע היג־רייסונגען. זי האָט געשעפּטשעט:

— איזאַקאָוויטש, איינציגער דו... מיין מאַן און מיין ערלעזער. לאָמיר אַזוי אַ גאַנצע נאַכט ארומפאָהרען, ביז עס וועט ווערען ליכ־טיג און דעמאָלט וועלען מיר זיך אָוועקלאָזען אין דער גרויסער וועלט זוכען אונזער גליק...

איזאַקאָוויטש'ען איז יעדעס וואָרט אַריינגעדרונגען אין האַר־צען ווי וואַרימע טראָפּען פון אַ פריהלינגס־רעגען. ער האָט זי צוגעצויגען צו זיך און געקושט אין קאָפּ, אין שטערען, אין די באַקען און צוקומענדיג צו די ליפּען, האָט שוין דער קוש געברענט ווי צופלאַסענער גאָלד אויף איהרע ליפּען. נאָכדעם האָבען זיך ביידע אָנגעקוקט ווי אַלטע פאַרליעבטע און גליק האָט געפינקעלט אין זייערע אויגען.

באָריס האָט עס רוהיג באַאָבאַכטעט און אַלס מבין און גוטער פריינד, האָט עס איהם זעהר צופרידענגעשטעלט...

דערווייל האָט זיך די דראָזשקע אַריינגעקירעוועט אין אַ ליכ־טיגער גאַס. אַנטקעגען איז געגאַנגען איינער און האָט זיך שטאַרק איינגעקוקט, ווי ער וואָלט די אַלע דריי געקאָנט...

העניע האָט גראַד אַרויסגעקוקט פון דערביידעל און האָט זיך, ניט ווי מיט איהר קול צושריען צום פוהרמאַן:

— העי, האַלט!

דער פוהרמאַן האָט זיך אָפּגעשטעלט און אין דער דראָזשקע איז אַריינגעשפּרונגען יאַקאָבסאָן, זייערער אַ באַקאַנטער...

— פון וואַנען פאָהרען דאָס אידען? — האָט יאַקאָבסאָן זיך געווענדט און געשמייכעלט צו העניע׳ן.

— פון אַ חתונה... — האָט באָריס גענטפערט...

— וואו? ווען? ביי וועמען?

ביי העניע׳ן מיט איזאַקאָוויטש׳ען...

— ווירקליך? — האָט זיך יאַקאָבסאָן פאַרוואונדערט און צע־לאַכט צוזאַמען — דאָס איז שעהן!

און ווענדענדיג זיך צו העניע׳ן האָט ער געזאָגט:

— העניע, איך גראַטוליר אייך!

העניע האָט נאַכלעסיג אויסגעצויגען די האַנט.

— יאָ... יאַקאָבסאָן... וואָס זאָגט איהר? ענדליך! אוים פרייע העניע... איהר וועט שוין ניט טאָרען מיט מיר ראַמאַנסי־רען...

— נו, וועלען מיר ראַמאַנסירען מיט אַנדערע...

— הם... מיט אַנדערע... — האָט העניע אויסגעברומט... — איבריגענס וועלען מיר נאָך ריידען... וואוהין זייט איהר עס גע־גאַנגען?

— אַהיים... — האָט יאַקאָבסאָן געענטפערט — שוין איינס אַ זייגער... אַנשטענדיגע מענשען געהען שוין אַהיים.

— יאָ... איהר זייט גערעכט... א י ך וואָלט אויך איצט גע־גאַנגען אַהיים... וועט א י ה ר מיך באַגלייטען?...

— נו, און איזאַקאָוויטש?... — האָט יאַקאָבסאָן אויסגעשטעלט די אויגען.

— אַך... איזאַקאָוויטש... אַ שפּאַס געטריבען... עס האָט מיך דערעסען...

איזאַקאָוויטש האָט זיך ווי איינגעדרעהט און קלענער געוואָ־רען און באָריס האָט זיך דערפיהלט באַליידיגט און געברומט:

— העניע, מען שפּיעלט זיך ניט אַזוי...

— ווער שפּיעלט זיך ניט? — האָט זי געפרעגט מיט אַ בייזען גלאַנץ אין די אויגען.

— ווער? פרויען! — האָט באַרים אויסגעדונערט.

— פרויען? — האָט העניע געלאַכט, — איך בין ניט קיין פרוי...

— ווער דען?

— איך ווייס ניט... איבעריגענס... די רייזע וועט אַנטרעפען אַ צו־גרויסע סומע. שוין מעהר ווי אַ שעה. זאָל ער שוין אָראָפּ־לאָזען.

די דראָזשקע האָט זיך אָפּגעשטעלט, זיי זיינען אַלע אַרויס.

איזאַקאָוויטש, וואָס אין דער געלט־פראַגע איז ער דאָס מאָל גראָד געווען דער רייכער, האָט זיך פאַנאַנדערגעצאָהלט און נאָך געגעבען אַ טרינק־געלט...

העניע האָט זיך געזעגענט מיט באַרים'ן, נאָכדעם מיט אַ שמייכעל מיט איזאַקאָוויטש'ען, און אַננעהמענדיג יאַקאָבסאָנ'ען פאַר דער האַנט האָט זי צאַרט געזאָגט:

— קומט, יאַקאָבסאָן! איהר זייט פאַר מיר היינט נייער, ווי שטענדיג... קומט, מיר וועלען אַרומגעהן אַ גאַנצע נאַכט... דוקא אין רעגען... צייטענווייז האָב איך אַזוי ליעב דעם רעגען...

און שמייכלענדיג צו יאַקאָבסאָנ'ען האָט זי איהם אַ ציה געטאָן און זיי זיינען ביידע פאַרשוואונדען, לאָזענדיג באַרים'ען און איזאַקאָוויטש'ען אין אַן אומבאַהאָלפענער לאַגע...

# די פּראָבלעמע

די טעמע פון דער דיסערטאַציע, וואָס גאָלדשטיין האָט אויס־געוועהלט צו שרייבען, אום צו קריגען דעם טיטעל „דאָקטאָר פי־לאָזאָף", איז געווען וועגען „דעם זין פון לעבען אין די אַלטע גרי־כישע ווערק". שוין אין דער דיסערטאַציע האָט זיך אַרויסגעוויזען זיין טריבער בליק אויף דעם לעבען און זיין פּעסימיסטישע וועלט־אַנשויאונג. די פּראָפעסאָרען האָבען די דיסערטאַציע געריהמט פאַר איהר שעהנעם סטיל, אָבער אַ פּאָר פון זיי זיינען ניט צו־פרידען געבליבען מיט איהר אינהאַלט.

— צו פינסטער, קאָלעגע! — האָט דער עלטערער פּראָפּעפ־סאָר געקלאַפּט איהם גוטמוטיג איבער'ן פּלייצע.

גאָלדשטיין האָט אַ שמייכעל געטהאָן און געענטפערט:

— יאָ, הער פּראָפעסאָר, אַזוי זעה איך עס...

די דיסערטאַציע איז דאָך נאָכדעם ערשינען אין אַ וויסענ־שאַפטליכען פערלאַג, און גאָלדשטיין האָט שוין באַקומען אַ נאָמען אַלס אָריגינעלער פילאָזאָף.

אָבער מיט דעם בוך, אָדער ריכטיגער געזאָגט: מיט דער בראָשורע, איז ער ניט צופרידען געבליבען. אין אַ פּאָר יאָהר אַרום האָט ער דיזעלבע פּראָבלעם, וועגען דעם זין פון לעבען, מעהר פאַרטיעפט אין אַ נייעם ווערק, וואָס האָט ענטהאַלטען ביי פיער הונדערט זייטען. אין דעם נייעם ווערק איז ער אויסגעוואַקסען און זיין אַנשויאונג האָט שוין באַקומען געוויסע ליכטיגע זייטען. אָבער קיין פּאָזיטיווען וועגען לעבען האָט ער אויך אינ'ם בוך ניט גע־געבען.

אַ דאַנק די גרויסע בקיאות, וואָס ער האָט אין דעם נייעם בוך אַרויסגעוויזען אין דער וועלט־ליטעראַטור, ציטירענדיג פון ביכער

פון'אַלע פעלקער אין אַלע צייטען, האָט ער באַקומען אַ פאָרשלאַג צו לעזען לעקציעס אין איינעם פון די שווייצאַרישע אוניווערזי־טעטען וועגען אַלגעמיינער ליטעראַטור.

אַזוי האָט גאָלדשטיין זיך געלעבט רוהיג אין איינער פון די שווייצאַרישע שטעדט, און האָט זיך שטענדיג געגריבעלט און גע־זוכט ענטפערס אויף די שווערסטע פּראָבלעמען, סײַ שטעהענדיג אויף דער קאַטעדרע און סײַ זיצענדיג אין דער היים אין זיין קאַבינעט.

באַקאַנטשאַפט מיט פרויען האָט ער זעלטען געמאַכט. ער־שטענס, האָט ער ניט געוואוסט ווי אַזוי, און צווייטענס, האָט ער דערויף קיין געדולד ניט געהאַט. פון צייט צו צייט פלעגט ער זיך פאַרבענקען נאָך פרויען־פריינדשאַפט, אָבער ער איז יוצא גע־ווען מיט דער פריינדשאַפט, וואָס די עטליכע צוהעהערינס פון זיינע לעקציעס האָבען איהם אַרויסגעצייגט נאָכ'ן פאַרלעזען. מאַנכע פון זיי האָבען איהם זאָגאַר געדריקט די האַנט. דאָס רוב פון זיי זיינען אָבער געווען אָדער פאַרהייראַטע צו סטודענטען, אָדער כלות צו סטודענטען. די פּאָר צוהעהערינס, וואָס זיינען געווען „צום האָבען", האָבען ניט גערעדט צו זיין האַרצען.

אַזוי האָט ער געלעבט איינזאַם, ביז וואַנען עס האָט ניט פּאַ־סירט מיט איהם פאָלגענדער צופאַל:

די קליינע טאָכטער פון דער ווירטין, ביי וועלכער ער האָט גע־וואוינט עטליכע יאָהר נאָכאַנאַנד, איז איינמאָל צו איהם אַריין אין צימער, און אַ פאַרשעמטע געבליבען שטעהן.

ער איז דאַן געזעסען ביים שרייב־טיש און אָנגעוואָרפען אַ לעקציע פאַר דעם קומענדען סעמעסטער. ער האָט אָבער דערפיהלט איהרע בליקען און ער האָט זיך אינסטינקטיוו אומגעקעהרט מיט'ן פּנים צו איהר, מיט דער פעדער אין האַנד און מיט די גרויסע פּראָב־לעמען אין קאָפּ.

ער איז געבליבען פאַרווירט און האָט אויסגערופען:

— העלענאַ!

— יאָ! — האָט זי פאַרשעמט געענטפערט.

— וואס וועסטו עפּעס זאָגן?

— די מוטער איז אוועק, בין איך אריין צו אייך...

דער פּראָפעסאָר האָט ניט פאַרשטאַנען. וואס דאָס יונגע מיידעל זאָגט. ער האָט זי באַטראַכט און פּלוצים באַמערקט, אז זי האָט שעהנע בלאָנדע האָר און זעהט אוים בכלל ווי אַ בליהענדע רויז.

— ווי דו ביזט אויסגעוואַקסען! — האָט ער זי באַוואונדערט — ווי אַלט ביזטו אייגענטליך?

— ניינצעהן יאָהר... — האָט זי מיט גדלות אויסגערופען.

— ווירקליך אויסגעוואַקסען... — האָט ער געמורמעלט און האָט זי אָנגענומען פאַר דער האַנט.

זי איז געשטאַנען און האָט איהם געקוקט דרייסט אין די אויגען אריין און, ווי עפּעס געפאָדערט.

— ניינצעהן יאָהר... — האָט גאָלדשטיין געמורמעלט — מעג מען דאָך דיר שוין אַ קוש טאָן...

— געוויס! — האָט זי מיט טריאומף באַשטעטיגט.

איהר נאַטירליכקייט און אומבאַצוואונגענקייט האָט איהם ענטציקט. ער האָט זי אַרומגעכאַפּט אין די אָרעמס און האָט זי שטאַרק און ליידענשאַפטליך געקושט.

זי האָט זיך ניט געוועהרט, און אַ גליקליכע איהם געקוקט אין די אויגען אריין.

— איז די מוטער, הייסט עס, אוועק... — האָט ער געשמאָמעלט — וואוהין דען?

— צו אַ פריינדין אויף אַ געבורטסטטאָג — האָט העלענאַ געשמייכעלט.

— און פאַרוואס ביזטו ניט געגאַנגען? — האָט ער געפאַרשט.

— איך האָב געוואָלט בלייבען מיט אייך — האָט זי געשמייכעלט, — שוין לאַנג האָב איך געזוכט די געלעגענהייט.

איהר איינפאַכקייט האָט איהם באַרוישט.

— האָסט מיך דען ליעב? — האָט ער געשפּאַסט.

— זיכער! — האָט זי פייערליך אויסגערופען. — האָט איהר עס קיינמאָל ניט באַמערקט? — האָט זי זיך גענומען פּיעשטשען.

גאָלדשטיין האָט זיך פאַרטראַכט: ווירקליך האָט ער עס ניט געמערקט. און ווי אַזוי האָט ער עס גאָר אַ רעכט צו פאַרענט־פערען אַזוינע שווערע לעבענס־פּראָבלעמען, אַז ער האָט אַזאַ איינ־פאַכע ערשיינונג ניט באַמערקט.

ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף דער זאָפע, וואָס האָט זיך געפונען אין זיין צימער, העלענע'ן אַוועקגעזעצט נעבען זיך, און נעהמענדיג זי אין זיינע אָרעמס האָט ער איהר עפּעס געוואָלט זאָגען, אָבער דאָס ריידען איז באַלד געוואָרען איבעריג. דאָס זיסע קינד האָט זיך איינגעקלאַמערט אין איהם און עס איז געשעהן דאָס, וואָס עס האָט געמוזט געשעהן אין אַזאַ מאָמענט.

נאָכדעם איז זי שוין פון צימער ניט אַוועק. זי האָט זיך דער־פיהלט היימיש. זי האָט געעפענט דאָס שופלאָדעל, וואו זיינע קראַגענס האָבען זיך געפונען און האָט געצעהלט.

— דו ווייסט, ליעבער, דו האָסט שוין באַלד ניט קיין ריינע קראַגענס. מען דאַרף געבען וואַשען.

— אַ גרויסע פּראָבלעמע! — האָט ער געשמייכעלט.

— אַ וואָס? — האָט די איינפאַכע העלענע ניט פאַרשטאַנען דאָס וואָרט.

— אַ פּראָבלעמע! — האָט ער ווידערהאָלט דאָס וואָרט.

— אַ, איך בין אַזוי אומגעבילדעט — האָט זי זיך נעקלאָגט מיט אַ חנ'דעל. — איך ווייס ניט וואָס אַזאַ וואָרט באַטייט.

זי האָט זיך ווידער גענומען צעהלען די קראַגענס, אויסטיילען די קלאָרע פון די געטראָגענע, האָט זיי צולעצט צוזאַמענגענומען און געמאָלדען:

— מאָרגען טראָג איך עס אַוועק צו דער וועשערין.

— איך דאַנק דיר! — האָט ער געריהרט געזאָגט, און איהם האָט זיך שוין פאָרגעשטעלט, ווי העלענא וועט זיין אַ ריכטיגע פרוי, היט אָפּ, ער זאָל שטענדיג האָבען אין אָרדנונג זיינע קראַגענס און וועש — און וואָס דאַרף מען זיך אַזוי ווייט גריבלען אין דעם זין פון לעבען? איז דאָס אַליין ניט שעהן?

ער האט זי ווידער אוועקגעזעצט נעבען זיך, געגלעט איהרע גאלדענע האר, און ענדליך געווענדט זיך צו איהר אין שפאס:

— איז וואס „פראבלעמע“ איז, ווייסטו ניט...

— נייז, מיין ליעבער. ענטשולדיג מיר, איך וויים ניט... אבער צו ליעבען דיך וועט עס מיר ניט שטערען.

# ווען עסט די מאַמע?

אז מלאכים קענען ניט עסען, ווען זיי זיינען אפילו פאַר־שטעלט פאַר מענשען און געפינען זיך אויף דער ערד, — דאס האָט דער קליינער זיבען־יעהריגער לייבעלע געוואוסט פון חומש. „ויאכלו“ — האָט דער רבי געגעבען צו פערשטעהן, קוקענדיג אין רש״י — ויאכלו און זיי האבען זיך געטהאָן מאַכען אזוי ווי זיי וואָלטען געגעסען...

אָבער, אז אַ מענש זאָל קענען לעבען און ניט עסען — דאס האָט לייבעלע ניט געקענט בעגרייפען. און אפשר איז דאס גאָר ניט קיין מענש, אפשר איז גאָר אַ מלאך...

זאָל זיין מאַמע זיין אַ מלאך?...

ניין, דאס קען ניט זיין... אַ מלאך געהט דאך אנגעטהאָן אין ווייסען און האָט הינטען פליגלען... אַ מלאך, אז ער געפינט זיך צווישען מענשען, מאַכט זיך דאך, ווי ער וואָלט געטהאָן עסען... פאַרוואָס־זשע זעהט ער קיינמאָל ניט, ווי אַזוי זיין מאַמע עסט?...

אַ מאָדנע זאך...

אמת,געכאַפּט האָט ער זיך ערשט דאָ גאָר ניט לאַנג... ער ווייס ניט ווי אזוי דער געדאַנק איז צו איהם געקומען. נאָר איינ־מאָל גיט ער זיך אַ כאַפּ:

— וואָס איז דאָס? ער זעהט קיינמאָל ניט, אז די מאַמע זאָל עסען...

ניין! מסתמא איז ער אַ נאַר, מען וועט פון איהם לאַכען... וואָס הייסט, זי עסט ניט! פאַר וואָס זאָל זי עפּעס ניט עסען. אין שטוב איז דאך שטענדיג דאָ ברויט און אוגערקעס, און רע־טעך. און אין דער פריה קאָכט מען קאַרטאָפעל און אַ מאָל אַ קרופניק. ביינאַכט, איידער מען געהט שלאָפען, עסט מען ווע־טשערע. אין דער וועטשערע לעגט אמאָל אריין די מאַמע אַ שטי־

קעל פלייש און זי גיט עס אוועק דעם טאטען, כאטש בעסער וואלט געווען, אז די מאמע זאל דאס שטיקעלע פלייש אויפעסען, אדער, נאך בעסער, זיי זאלען זיך עס טיילען: דעם טאטען א שטיקעלע און דער מאמען א שטיקעלע. די קינדער דארפען טאקי אין דער וואכען ניט עסען קיין פלייש. שבת — יא. שבת, גיט מען שוין אלעמען צו שטיקלעך פלייש...

שא... גיט ער זיך א כאפ... און שבת עסט דען די מאמע?

אך, היינט איז ערשט מאנטאג, ביז שבת איז אזוי לאנג צו ווארטען... ער מוז זעהן ווען עסט זי...

און לייבעלע בעשליסט, אז ער וועט פון היינט אן אנהויבען היטען די מאמע. ער מוז זי כאפען א מאל עסענדיג...

און לייבעלע האט דער מאמען אזוי ליעב, זי איז דאך אזא גוטע. אין חדר גיט זי איהם מיט אלע טאג ברויט מיט א קאפיקע, ער זאל עפעס קויפען צום ברויט. אבער לייבעלע איז טאקי ניט קיין נאר. ברויט אליין, אז מען טונקט עס אין זאלץ און מען פערטרינקט מיט וואסער, איז דאך אויך גוט און די קאפיקעס קלייבט ער טאקי... און אז עס וועט קומען פאר פסח, וועט ער קויפען א היטעלע...

אבער ווען עסט פארט די מאמע?...

אין דער פריה, אז ער שטעהט אויף, זעהט ער ווי די מאמע שטעהט ביים אויווען און רוקט איין טעפעל אריין, דעם אנדערען ארויס. די מאמע איז אזא בריה! און „ווילקעס" האט זי אלער־ליי! פאר'ן גרויסען טאפ האט זי א גרויסע ווילקע, פאר'ן קליי־נעם — א קליינע, און פאר'ן מיטעלסטען טאפ א מיטעלסטע וויל־קע... אז זי נעהמט ארויס א טאפ, בעטראכט זי עס און בלאזט אב דעם שוים און שטעלט אריין צוריק... וואס קאכט זי אין די טעפ?... איין טאג, ווייסט ער שוין, איז הייסע וואסער אליין. „א שטוב", זאגט די מאמע, — „ברויך האבען הייסע וואסער..." דער צווייטער טאפ איז אודאי מיט קארטאפעל, וואס אויב זיי זייד נען צושניטענע און מיט וואסער, הייסט עס: „פיש־קארטאפעל"... קיין פיש איז דארטען ניטא... פיש עסט מען דאך ניט אין דער

וואכען... „פיש“ — זאגט די מאמע — „איז פייער און פלאם!“... אבער פיש־קארטאפעל אהן פיש איז אויך גוט... די מאמע איז א גרויסע בריה, דאס ווייס ער יא...

אבער פאר וואס עסט זי ניט?...

זי דערלאנגט בלויז דאס עסען! זי אבער ווען עסט? ער וועט זי איצט היטען...

ער שטעלט זיך דאווגען. לייבעלע איז שוין א בחור פון זיבען יאהר און מוז שוין דאווגען... ער הויבט אן פון ברוך שאמר און זופט אזוי ביסלעכווייז ביז די הללויה'ס... דעם אמת געזאגט, היפערט ער שטיקער איבער... אבער די קריאת־שמע זאגט ער שוין פאמעלעך, מיט כונה און שטעלט זיך שמונה־עשרה. אבער ער קוקט אלץ צום אויווען, וואו די מאמע שטעהט... ער מוז זי היטען: אפשר וועט ער זי כאפען, ווי אזוי זי עסט. אויסער וואס דאס וואלט פאר איהם א שמחה געווען, וואלט דאס פאר איהם אויך געווען א חדוש:

די מאמע עסט!

ער האט זי קיינמאל ניט געזעהן עסען...

אבער עס איז דאך אונמעגליך! ווערט בייז אויף זיך אליין. זי מוז דאך עסען, אז מען עסט ניט, קען מען דאך ניט לעבען...

נור אט האט ער אבגעדאווענט... די מאמע רופט זיך אן:

— שוין, לייבעלע, אבגעדאווענט?

— יא — זאגט לייבעלע טרויעריג, קוקענדיג דער מאמען אין די גרויסע שווארצע גוטען אויגען אריין...

— נו, וועל איך דיר געבען עסען, וועסטו געהן אין חדר.

— מאמע... רופט זיך אן לייבעלע...

— וואס איז?

— דו האסט שוין געגעסען...

— וואס פרעגסטו עפעס — וואונדערט זיך די מאמע און גלעט איהם איבער'ן קעפעל.

— איך וויל וויסען... בעט זיך לייבעלע, ניט נאך זיין שטייגער...

— אנקעגען וואס פרעגסטו עס ? — וואונדערט זיך די מא־
מע נאך מעהר...

— איך... וויל... ניין, איך קיינמאל ניט געזעהן... נור ער
האקט זיך אב און אנקוקענדיג דער מאמע'ס בלאס פנים מיט די
איינגעפאלענע באקען, צוואויינט ער זיך...

די מאמע ווערט געריהרט, זי גלעט איהם איבער ביידע בעק־
לעך און ענטפערט איהם מיט א שמייכעלע :

— נארעלע, איך האב שוין געגעסען... איך עס ווען קיינער
זעהט ניט...

לייבעלע ווערט אויפגעלעבט... הייסט עס, זי עסט יא, נאר
דעמאלט, ווען קיינער זעהט ניט...

און ער בעשליסט, אז ערשט איצט וועט ער זי נעהמען הי־
טען און כאפען זי עסענדיג.

ער מוז זעהן, ווי זיין ליעבע גוטע מאמע, וואס קאכט און
באקט און זעהט אלעמען צו, ווי אזוי זי עסט אליין א מאל...

---

דעם זעלבען אבענד האט זיך לייבעלע געלעגט שלאפען פרי־
הער ווי אלע מאל. געזאגט האט ער, אז דער קאפ טהוט איהם
וועה, אבער אויסען איז ער געוועזן אויפצוכאפען זיך אין דער פריה
און פון בעט ארויס זעהן, וואס טהוט די מאמע אין דער פריה...

די גאנצע נאכט האט ער געשלאפען אונרוהיג, מורא הא־
בענדיג ניט צו פערשלאפען דער מאמע'ס אויפשטעהן. די מאמע
שטעהט דאך אויף אזוי פריה, פריהער פאר'ן טאטען אפילו. אלע
שעה האט ער זיך אויפגעכאפט און געהיט דער מאמע'ס בעט.
ערשט ווען די העהנער האבען גענומען קרעהען, האט ער געזעהן,
ווי אזוי די מאמע וועקט זיך, שטעלט זיך אויף, קוקט ארויס אין
פענסטער און קריכט ארויס פון בעט...

ארויסגעהענדיג פון בעט, געהט זי צו צו זיין בעט... ער דער־
שרעקט זיך און מאכט צו פעסט די אויגען, זי זאל ניט זעהן, אז
ער שלאפט ניט און היט זי.

די מאמע דעקט איהם בעסער צו און מורמעלט שטיל :

„שלאף, מיין זוהן, קאלט!" און זי הויבט זיך אן אנצוטו...

אז זי איז שוין אנגעטהאן, וואשט זי די הענד און דאס פנים און זאגט ברכות מיט א זיסען אומעטיגען ניגון... לייבעלע איז פון דעם ניגון זעהר גערירט, אזא שעהנער ניגון! נאך שעהנער ווי דער טאטע דאווענט! נור די ברכות דויערען ניט לאנג. ווייבערשע ברכות! טראכט לייבעלע — אזוינע קורצע! און עס טהוט איהם ווי באנג, וואס זיין גוטע מאמע האט אזוי ווייניג צו „זאגען". דער טאטע, אז ער שטעהט אויף, זאגט ער אזוי פיעל... זאגט און זאגט נאאנאנד... אבער וואלט זי כאטש געגעסען, וואלט איהם שוין ניט געארט!...

און לייבעלע פאלגט נאך מיט די אויגען יעדע בעוועגונג פון דער מאמע...

אט נעהמט זי זיך הייצען דעם אויווען. די האלץ לעגט זי נאך אריין פאר'ן שלאף. איצט לעגט זי נאר צו קליינע העלצעלעך, צינדט אן א וועבעלשע, וואס זי נעהמט אראב פון קוימען, און אזוי ווי לייבעלע'ס בעטעל איז פונקט געגען אויוועז, זעהט ער ווי דאס פייער ברענט פאמעליך, און אהן חשק...

די מאמע הויבט אן צו בלאזען... נאך יעדען בלאז גיט זי א הוסט און נאך יעדען הוסט קומט א שווערער לאנגער זיפץ...

לייבעלע'ן שניידט דער מאמע'ס זיפץ ווי מיט א מעסער דאס הארץ... ער שרייט שיער פאר רחמנות ניט אויס: מאמע! ער האלט זיך אבער איין. מען דארף צוקוקען ווייטער.

לייבעלע זעהט ווי דאס פייער אין אויוועז ברענט שוין העלער, פרייער און לוסטיגער. דאס מאכט איהם אויך פרעהליכער... ער וואלט איצט אזוי געוואלט אויפשטעהן און זעצען זיך ביים אויוועז! עס איז אזוי שעהן... נור די מאמע וועט זיך חידוש'ן און וועט איהם פרעגען: וואס עפעס אזוי פריה — אלע שלאפען נאך...

און אט זעהט ווי די מאמע נעהמט די צוויי עמער מיט'ן קארמיסלע, טהוט אן דעם קאראמיסלע אויף די דארע אקסלען איהרע, הענגט אויף זיי די עמער און רוקט זיך שטיל ארויס פון שטוב...

— א מהייערע מאמע ! וויינט לייבעלע'ס האַרץ ! אַלץ זי — פאַר וואָס העלפט מען איהר ניט !

אַ, אַז ער וועט ווערען אַ גרויסער, וועט ער איהר ניט לאָזען געהן נאָך וואַסער...

און ער ליגט אין בעט און טראַכט וועגען זיין ליעבער מאַמע, וואָס האַרעוועט אַזוי פיעל, און עסען עסט זי גאָר ניט...

אָבער עסען מוז מען דאָך ! קען ער זיך ניט בערוהיגען. אפשר זאָל ער זאָגען, אַז ער איז קראַנק און היינט ניט געהן אין חדר... אַ גאַנצען טאָג וועט ער זיצען אין שטוב און היטען די מאַמע און וועט אפשר דערזעהן ווי אַזוי זי עסט, כאָטש איינמאָל... עס וואָלט פון איהם אַזאַ זאָרג אַראָב...

די מאַמע קומט באַלד צוריק מיט די צוויי עמער וואַסער, זעצט זיך צו טאַקי אויף זיין בעטעל און סאָפּעט שווער. לייבעלע מאַכט זיך, ווי ער שלאָפט שטאַרק און כראָפּעט אפילו... ענדליך שטעהט די מאַמע אויף, גיסט אָן עטליכע טעפּ מיט וואַסער און שטעלט זיי איינציגווייז אַריין אין אויווען...

דורך די קליינע פענסטערלעך רייסט זיך שוין אַריין דער שיין פון נייעם הערבסט־טאָג, אַ אומעטיגער און אַ שווער־פער־טראַכטער... די צוועלף־יעהריגע שוועסטער'ל, וואָס שלאָפט אין צווייטען ווינקעל ביים פענסטער, וועקט זיך שוין, זעצט זיך אויף און מיט צופודעלטע האָר שפּרינגט זי פּלוצים אַראָב פון בעט אין איין העמד, אַ באָרפיסע, און שטעלט זיך אין מיטען שטוב...

לייבעלע קוקט אויף דער שוועסטער, מיט וועלכער ער איז ניט בשלום צוליעב געוויסע סבות. 'ער לאַכט פון איהר אין האַר־צען, וואָס זי שעהמט זיך גאָר ניט צו שטעהן אין איין העמד און אַ באָרפיסע... דערצו איז ער אויף איהר ברוגז, וואָס זי איז שוין אויפגעשטאַנען און זי וועט איהם שטערען צו היטען די מאַמען...

נור אָט כאַפּט זיך שוין אויף דער טאַטע אין די פּאַסקאָווע גאַטקעס... „מאוס'ע גאַטקעס", טראַכט לייבעלע און קריטיקירט זיין טאַטען... דער טאַטע טהוט זיך אָבער באַלד אָן, וואַשט זיך און הויבט אָן צו זאָגען און זאָגען... אָבער אַחן אַ ניגון, נור אַזוי —

א מין מאהלען מיט דער צונג... לייבעלען געפעלט עס ניט: דער מאמע'ס ברכות זיינען שעהנער געווען; די מאמע זאגט עפּעס אַלץ אויף אידיש... „דערמארעמדיגער גאָט, הארציגער טאטע"... לייבעלע האָט עס ליעבער...

נור אַט איז שוין דער טאטע אויך פערטיג, ער נעהמט שוין אראָב דעם טלית און תפילין און אהן א ווארט דער מאמע'ן צו זאגען, געהט ער אוועק דאַווגען...

די מאמע ברומט איהם צו:

— קום, זלמן, פריהער, דער אנבייסען וועט קאַליע ווערען...

— גוט! ברומט ארוים דער טאטע, פערמאכענדיג די טהיר.

לייבעלע'ן, פון ניט שלאָפען רוהיג די נאכט, באפאלט ענד־ליך א מידיגקייט, ער שטרענגט זיך אַז נאָך צו ליגען. ער בעשליסט בלויז איינמאָל צוצומאכען די אויגען... אבער ער ווערט איינ־געשלאָפען...

אַז ער הויבט זיך אויף, איז שטארק שפּעט...

די מאמע רופט איהם שוין צו:

— שטעה אויף, לייבעלע, צייט צו דאַוונען און אין חדר געהן...

— אוי! גיט ער זיך א כאַפּ, קוקט אַז דער מאמע'ן ווי זי שטעהט ביים אויווען און קאָכט אנבייסען...

ער האָט פערשפּעטיגט — ניט איינגעהיט!...

ער טהוט זיך שנעל אַן, נעהמט זיך צום דאַוונען, און נעהמט ניט אראָב קיין אויג פון דער מאמען.

אַט קומט שוין דער טאטע פון דאַוונען. די מאמע הייסט זיך וואשען... זי שלעפּט טעפּ פון אויווען... איינעם אריין, דעם אנדערען ארוים... אין אויווען קומט פאר א גאנצע בעוועגונג, מאנכע טעפּ שווימען ארוים מיט א ווילדען סאָרט שוים, מאנכע לויפען איבער די ברעגעס און דאָס איבערגעלאָפענע זידט און קאָכט מיט גרויס גרימצאָרן... מאנכע זיינען שוין האלב אויסגע־זאָדען און אומזיסט הויבען זיי זיך, דעם אויבערשטען ברעג קענען זיי ניט דערלאַנגען...

— נו, וואָס געדויערט עס אזוי? — ברומט דער טאטע...

און די מאמע הויבט זיך אן צוצוּאיילען... זי דערלאנגט דעם בעליעבטען מאכל: פיש־קארטאפעל, און זי גיט צו מיט א גוטען שמייכעלע:

— די פיש איז אין טייך !...

און געהט אוועק ווידער צום אויווען...

מיין גאט ! ווײנט אין ליבעלע'ן דאס הארץ... אזוינע גוטע פיש־קארטאפעל ! פאר וואס עסט ניט די מאמע ?...

— און אפשר האט זי שוין געגעסען, אט דאמאלס, ווען איך בין איינגעדרעמעלט — טראכט לייבעלע און מאכט זיך פארווירפע, וואס ער האט ניט געקענט זיך איינהאלטען און האט פערשלאפען.

און דער געדאנק פלאגט איהם נאך שטארקער:

— וועז עסט די מאמע ?...

ער נעהמט זיך ווידער פאר צו כאפּען זי א מאל עסען...

אין מיטען וואך איז טאקי אונמעגליך — איז ער זיך מיאש פון כאפּען זי עסען אין מיטען וואך... אבער שבת — מוז ער זי זעהן עסען !

ער וויל אזוי זעהן, ווי אזוי עסט די מאמע ?

און אפשר איז זי טאקי א מלאך... דערשרעקט ער זיך פלוצים...

ניין... ניין ! טרייבט ער דעם געדאנק — זי איז א מענש ! א מענש ! ער וויל ניט קיין מלאך !...

טא פאר וואס עסט זי ניט...

„איך עס ווען קיינער זעהט ניט !" — קלינגט איהם דער דא־מאלסדיגער ענטפער...

אבער זי האט דערביי עפּעס מאדנע געשמייכעלט... דער דא־זיגער שמייכעל שוועבט איהם פאר די אויגען און שרעקט איהם ווי א גייסט...

עס איז עפּעס ניט גלאט...

און אפשר טאקי א מלאך ?... דערשרעקט ער זיך ווידער.

און זיין קליין מח'ל ברעכט זיך פאר די שווערע און ביטערע פראגע און דאס הערצעל דריקט און קלעמט ?

— ו ו ע ז  ע ס ט  ד י  מ א מ ע ?

# די תוכחה

שוין לאנג, אז בעריל דער שוסטער האט געווארפען אן אויג אויף דער תוכחה, ס'הייסט ניט אויף דער תוכחה אליין: די תוכחה וואלט ער מוחל געווען חיים־מאיר'ן, דעם גביר פון שטעד־טעל, וועלכער בעקומט אלע שבת שלישי. אז אויג האט ער גע־ווארפען בלויז אויף די צעהן גילדען, וואס מען בעקומט פאר דער תוכחה... א קלייניגקייט — צעהן גילדען. צוויי פאר שיך דארף ער מאכען ביז ער וועט פערדיענען צעהן גילדען. איז גוט, אז עס איז דא ארבייט, אבער אז קיין ארבייט איז ניטא — און ביי בעריל דעם שוסטער איז ארבייט זעלטען דא — איז דאך צעהן גילדען אן עוצר, א פארמעגען!

אבער געה זיי א חכם און וויים וואס עס קען דערפון ארוים־קומען, וואס פאר א מין שטיקעל תורה דאס איז. קיין גוטס גע־ווים ניט: ווען עפעס גוטס וואלט מען דאס אוועקגעגעבען חיים־מאיר'ן אנשטאט שלישי. אז מען צאלט נאך צו דערפאר, איז דאס מסתמא ניט פון די גוטע זאכען.

כאטש צוריק־גערעדט, האט מען פאר צוויי יאהרען, געדענקט ער, אויפגערופען חייקעל דעם קברות־מאן, און גאר ניט מיט גאר ניט, פריש און געזונד און בעגראבט מתים ווי שטענדיג.

נור ווער קען זיך גלייכען צו א קברות־מאן! יענער איז א איד, וואס קיין זאך שאדט איהם ניט. א קלייניגקייט! וואוינט כל ימיו הארש ביים בית עולם און זומער, זאגט מען, שלאפט ער אויפ'ן בית־עולם. צו אזא קען מען זיך ניט גלייכען. א מענש, וואס איז געקניפט און געבונדען מיט מתים, קען אלץ ביי זיך פועל'ן.

אבער ער, בעריל — א פחדן!

אמת, שמחת־תורה, אז ער נעהמט אין שניידערישען קליי־

זאָל אַ ביסעל בראַנפֿען, איז ער דעמאָלט אויך אַ העלד. ער זי־דעלט אַפֿ אפילו דעם גביר און האָט דעמאָלט פֿאַר קיינעם און פֿון גאַרנישט קיין מורא געהאַט. נור נעה וואַרט ביז שמחת־תורה, אַז סך הכל איז ערשט אַרום שבועות...

עס איז אפילו דאָ צוויי תוכחה'ס, איינע נעפֿאַלט אַרום נאָך פּסח און איינע אַרום סוף זומער...

נור צאָלען צאָלט מען בלויז פֿאַר איינער. זי מוז שוין זיין אַ היבשע אַנשיקעניש! טראַכט ער וועגען דער גרעסערער תוכחה...

און דאָך פֿיהלט ער בעשיינפּערליך, ווי עס ציהט איהם צו איהר, צו דער תוכחה, ווי מיט אַ מאַגנעט. ער פֿיהלט, אַז ער וועט זיך פֿון איהר ניט אַרויסדרעהען. ס'הייסט ווידער — ניט צו דער תוכחה ציהט איהם, נו צו די צעהן גילדען...

און אפשר טאַקי צו דער תוכחה אַליין, אַט טאַקי דערפֿאַר, וואָס דאָס שמעקט מיט גרויס אונגליק...

דאָס יאָהר מוז ער נעהמען ביים שמש פֿון בית־המדרש די תוכחה.

ער איז אַזוי געענגט אין געלד, קיין אַרבייט איז ניטאָ.

און אפשר זאָל ער אויף זיך אַליין אַזאַ זאַך ניט שטעלען. ער האָט ניט קיין רעכט. ער האָט אַ ווייב מיט קינדער... ער טאָר זיי ניט שטעלען אין קאָן צוליעב צעהן גילדען.

אמת, צעהן גילדען איז אַ מטבע... אָבער ווער ווייס, צי וועט ער די צעהן גילדען ניט אויסקרענקען...

און באַשליסט זיך מישב זיין מיט דער ווייב.

— ביילע! — רופֿט ער איהר צו אַ פּאָר טעג פֿאַר דער סדרה פֿון דער תוכחה — וואָלסט געוועזן אַ בעל'ניטע כאַפּען צעהן גילדען גרינגע פּרנסה?...

ביילע, אַ דערשלאָגענע אידענע, וואָס האָט זיך שוין פֿון מינ־דעסטען גליק מיאש געווען — ווערט בייז אויף איהר בערלען, וואָס איהם ליגט נאָך אין זינען צו ווערטלען זיך און זי מורמעלט אַרויס:

— אַט לאָז מיך צורוה מיט דיינע ווערטלעך...

-- אידענע! ווערט בעריל בייז — איך מיין מיט אן אמת... צעהן גילדען... אמת'ע צעהן גילדען!

— פון וואנען, פאר וואס... — שטעלט אויס ביילע פאר־וואונדערט איהרע גרויסע אויסגעלאשענע אויגען.

— פון וואנען... שטאמעלט בעריל — הערסט דו דאך — אט דאס איז דאך די גאנצע זאך... פון וואנען... הם... פון וואנען?... נו, זיי א קלוגע און טרעף!

— אט לאז מיך צורוה! ווערט שוין ביילע אונגעדולדיג און וויל שוין אוועקגעהן אין איהר ווינקעל, וואו זי פערצירעוועט א פיאטע פון בעריל'ס וואלענע זאק, וואס ער דארף אנטאן באלד לכבוד תשעה באב...

בעריל, דערזעהענדיג, אז ביילע מיינט באמת, אז ער לאכט פון איהר, מאכט אן ערנסט פנים און רופט איהר צוריק:

— קום אהער, נארישע אידענע דו... איך לאך ניט... איך קען היינטיגען שבת פערדיענען צעהן גילדען...

— שבת גאר... ביזט משוגע?... גלאצט ווילד ביילע די אויגען אויף איהם און קראצט פאר איינוועגס מיט דעם פרענטיל אונטער'ן טיכעל.

— הערסט דו דאך... וויל ער איהר צו פארשטעהן געבען... דאס איז א שבת'דיגע פרנסה... ס'הייסט ניט אלע שבת... נור איין מאל אין יאהר... פארשטעהסט, בלויז איין מאל אין יאהר טרעפט אזא גליק!

דערהערט דאס ווארט גליק, איז ביילע נאך בייזער געווארען: אין גליקען גלויבט זי שוין ניט א שאק מיט יאהרען. אויב גליק, אז דאס ניט פאר איהר...

און ז רוקט זיך ווידער אפ.

— אט לאז מיך קאנטשען די פיאטע און מאך ניט קיין מחזקות.

דא האט שוין בעריל מעהר זיך ניט געקענט איינהאלטען און ער האט בייז אויסגעשאסען:

— אידענע! איך וויל זיך מיט דיר אן עצה האלטען און דו

זאגסט, אז איך לאך...

און ווערענדיג בייזער, האט ער צוגעלעגט:

— מיט בלוט זאלסטו לאכען...

איז שויןביילע אויך בייז געווארען: וואס שילט ער זיך נאך, דער פארדיענער דער גרויסער? און זי האט איהם געענט־פערט מיט א פערז פון א ליעדעל:

לאכען זאלסטו מיט בלוט,

ווערען זאל דיר ניט גוט...

דאן האט בעריל דערזעהן, אז עס וועט קיין סוף ניט נעה־מען, איז ער וויכער געווארען און האט זיך געווענדעט צו איהר מיט א שמייכעלע:

— נארישע אידענע, וואס דארפסטו זיך שילטען אומזיסט, אז מען גיט געלד דערפאר...

ביילע האט ווידער אויסגעשטעלט די אויגען. ערשט איצט האט בעריל מיט א רוהיגקייט און ערנסטקייט איהר דערקלערט דעם גאנצען ענין:

— אין איין סדרה אין דער תורה איז דא אזא מין שטיקעל, וואו מען שילט. דאס דאזיגע שטיקעל תורה וויל קיינער ניט האָ־בען פאר אן עליה... מען האט מורא... דערפאר גיט מען צעהן גילדען, פארשטעהסט, צעהן גילדען...

ביילע איז רוהיגער געווארען, האט ווידער א קראץ געטאן דעם קאפ מיט דעם שארפען זייט פון פרענטיל און געפרעגט ווי איינער, וואס געהט נעהמען א נייַ געשעפט:

— און וואס שטעהט דארטען...

— ווייס איך... דריקט בעריל מיט די פלייצעס — קללות!

— קללות! האט זיך ביילע אנגעכאפט — וואסערע קללות?

— ווייס איך וועלכע... איך בין ניט קיין למדן...

— מיר האבען דאך ערגעץ א טייטש־חומש — האט ביילע געזאגט — וועלען מיר א קוק געבען...

בעריל האט זיך דערשראקען: ווער ווייס, וואס דארטען שטעהט. זי קען נאך חרטה האבען...

ביילע האָט איהם דערלאַנגט דעם אַלטען צוריסענעם טייטש־חומש, וואָס איהר מאַמע האָט איהר ירושה געלאָזט. בעריל האָט גענומען בלעטערען.

— אָט איז זי! — האָט ער מיט באַגייסטערונג אויסגערופען, געפינענדיג די ריכטיגע סדרא...

ער האָט עפּעס געמורמעלט אונטער'ן נאָז און באַלד הויך פון מיטען אַרויסגעלעזען:

— דיינע הימלען וועלען זיין קופּער און דיין ערד וועט זיין אייזען!

— דאָס גאָר! האָט ביילע ווי חוזק געמאַכט, ווי זי וואָלט געזאָגט:

אויך מיר אַ קללה...

— און זיבען ווייבער וועלען ביי איין אויווען באַקען...

ביילע האָט זיך צולאַכט:

— מעהר ניט, ווי זיבען! פאַר אַכטאַגען האָב איך טשאַלענט גערוקט ביי חיענע דער בעקערקע, זיינען דאָרטען אפשר צוואַנציג ווייבער געוועזן...

— נו, זעהסט! האָט בעריל מיט נצחון אויסגערופען. — איך האָב שוין לאַנג געוואוסט, אַז עס איז גאַרנישט...

און בעקומענדיג די הסכמה, האָט ער שוין מעהר ניט געלייענט און גאָר פרעהליך אַרויסגעברומט:

— פאַר צעהן גילדען פאַרריכטען מיר דעם אויווען און דו וועסט רוקען טשאָלענט אַזיינע אַליין ווי אַ פריצ'טע...

ביילע האָט זיך דערפיהלט דערהויבען: זי האָט נור געהאַט אַ שטיקעל חשד וועגען די געלד און האָט פריינדליך געפרעגט:

— און זיי באַצאָלען אַ פנים גלייך?...

— אַ שאלה, צי זיי באַצאָלען! האָט בעריל מיט שטאָלץ געענטפערט. — וואָס איז דען? קהל קען ניט באַשטעהן?

אַ שמייכעל האָט זיך צוגאָסען אויף זיין דאַרען פּנים, און ער האָט צוגעגעבען:

— קהל, נישקשה, איז רייך!...

# וואס איז שטארקער ?

בערמאן איז געזעסען אין זיין צימער, וואס איז דאס מאל געווען עקסטרא אויפגערוימט, און האט זיך פארבארייט אויפצו־נעהמען דער שעהנער אידא, מיט וועלכער ער איז שוין באקענט א לענגערע צייט, אבער היינט קומט זי צו איהם דאס ערשטע מאל, אויף זיין איינלאדונג.

געוואוסט האט בערמאן, אז אידא איז א מיידעל א ברען; טראץ איהרע אידעאליסטישע מיינונגען באציהט זי זיך צום לעבען זעהר לייכטזיניג און אויב ער וועט וויסען, ווי אזוי צו האלטען זיך מיט איהר, קען ער האפען אויף גאר שעהנע גליקען. איבער־הויפט ניט פארדרעדען זיך וועגען צו הויכע מאטעריען, וואס דאס שטערט שטענדיג צו אינטימע באציהונגען. ווען מען רעדט מיט א מיידעל וועגען רעוואלוציע איז זעהר שווער נאכדעם קענען זי א קוש טאן. ער האט שוין זיין ערפארונג.

דאס מאל זאל דער געשפרעך זיין אויפריכטיג. אננעהמען זי פאר דער האנט, שוואך דריקען זי, נאכדעם שטארקער. אין דעם האנטדרוק זאל זיך איהר איבערגעבען זיין שטארקער ווילען זי צו באזיצען און דערמיט אפשוואכען איהר ווילען, אונטערטעניגען זי, באהערשען, און נאכדעם...

וועגען נאכדעם האט ער שוין רוהיג ניט געקענט טראכטען. אין קאפ איז שוין פארגעקומען א פארווירונג. עס האט זיך דארט פארמישט אומארמונגען און קושען, און א זיסער בארוישענדער שטראם איז איהם דורכגעפלאסען פון קאפ אין הארצען און ער האט פארזונקען אין פארשטעלונגען...

באלד אבער האט זיך די צייט איהם גענומען ציהען לאנג: זיין אויג איז געפאלען אויף א בוך וואס איז געלעגען פאר איהם.

דאָס איז געווען אַ באַנד פון טאָלסטאָי׳ס ווערק, און דווקא יענער באַנד, וואָס ענטהאַלט די מאמרים וועגען דעם, ווי אַזוי דער היינטיגער מענש איז אַראָפּ פון דרך־הישר. די איינפאַכע, אָבער טיעף־ריהרענדע רייד, זיינען אַריינגעדרונגען אין בערמאַנ׳ס האַרץ. וואָס מעהר ער האָט געלעזען, אַלץ רוהיגער איז געוואָרען זיין געמיט און אַלץ ווייטער האָט זיך אָפּגערוקט די שעהנע געשטאַלט פון אידאַ׳ן און אַלץ נעהענטער איז איהם געוואָרען דאָס ליכטיגע געזיכט פון פילאָזאָף און לעהרער...

— אַך, ווי אמת! — האָט ער ביי מאַנכע טרעפענדע שטעלען אַרויסגעמורמעלט און באַשלאָסען, אַז ער וועט שוין וויסען, ווי אַזוי אויפצונעהמען אידאַ׳ן. ניט ווי אַ מיידעל קומט צו איהם, נאָר ווי אַ שוועסטער.

ער וועט מיט איהר רעדען וועגען גליק פאַר אַלע מענשען. וועגען ריינקייט פון גייסט, זיצען וועט זי אָט דאָ און ער אָן דאָרט, גאַנץ ווייט פון איהר, אויפ׳ן זאָפקעלע... ער וועט זיין בלויז נאָהענט צו איהר מיט׳ן גייסט.

און אָפּלעזענדיג נאָך אַ צוויי זייטלעך, האָט די תשובה איהם שטאַרקער באַהערשט.

ער וועט איהר זאָגען:

— פריילין אידאַ, איך בעט אייך, לאָזט מיך איצט אַליין. איך וויל זיין אַליין... ווייל ריין קען דער מענש זיין בלויז דאַן, ווען ער איז אַליין.

ווער ווייסט, ווי לאַנג זיינע רייניגע געדאַנקען וואָלטען זיך נאָך געמעהרט אין זיין אויסגעלייטערטען קאָפּ, ווען ניט אַ קלאַפּ אין טיר. דאָס איז זי, אידאַ. זי קומט, האָט ער זיך ווי פאַרקרימט, וואָס זי וועט איהם אָפּרייסען פון אַזאַ ערהאַבען בוך, וועמעס ווערטער ער וואָלט נאָך אַזוי רוהיג איינגעזאַפּט אין זיך...

אידאַ איז אַריין אַ שטראַהלענדע און אַ לעבעדיגע.

— ענטשולדיגט, בערמאַן! — האָט זי אויסגעקלונגען מיט איהם אַנגענעהמער שטים, — איך האָב זיך פאַרשפּעטיגט.

— א, עס מאכט ניט! — האט בערמאן אויפשטעלענדיג זיך ווי פארלוירען געענטפערט... — זיצט!

זי האט זיך אוועקגעזעצט אויפ'ן שטוהל; ער, ווי ער האט באשלאסען, אויפ'ן זאפקע, פון דערוויטענס...

— וואס עפעס אזוי ווייט פון מיר?... איהר זיינט א פרוש געווארען? — האט זיך אידא צולאכט...

בערמאן האט זיך פארשעמט, ער האט געוואלט זיך פארענט־פערען, ערקלערען וועגען דעם איינדרוק פון דאס נאר־וואס געלע־זענע, אבער געענטפערט האט ער פונקט אנדערש...

ער האט זיך אויפגעשטעלט און איז צוגעגאנגען צו איהר נעהנטער.

— איהר ווייסט, אז ביי אייך איך היים? — האט זי זיך חנ'עוו־דיג פארקרימט — איהר וועט דאך מיר ערלויבען אויסטאן מיין זשאקעט?...

— אך, מיט'ן גרעסטען פארגעניגען...

זי האט זיך גראציעז אויפגעשטעלט און האט גענומען אראפ־ציהען פון זיך דעם זשאקעט. בערמאן האט געטראכט: העלפען איהר אויסטאן, איז דאך בלויז א העפליכקייט.

זי האט דאס זשאקעטעל אווארף געטאן, א לאכענדיגע, בער־מאנ'ען אין די הענט אריין און אויסגעקלונגען:

— הענגט עס ערגעץ אויף! זייט אביסעל מעהר גאסטפריינדליך.

בערמאן האט זי אנגעקוקט מיט אן אינערליכען ציטער. אהן דעם זשאקעט האט זי פאר איהם אויסגעזעהן אזוי ניי. איהר ווייסער לאנגער האלז איז געווען אינגאנצען ענטבלויזט און איהר ברוסט האט זיך ריטמיש באוועגט אונטער דער דינער זיידענער ווייסער וויסט.

ער האט מיט ציטערדיגע הענט אויפגעהאנגען דאס זשאקעטעל און איז געבליבען שטעהן קעגען אידא'ן, ניט וויסענדיג וואס עס וועט ווייטער פארקומען.

ער האט פארווירט געווארפען זיינע בליקען דא אויף איהר, דא אויפ'ן פארמאכטען בוד. וועמעס ווערטער עס האבען שוין געצאנקט און געלאשען זיך אין בערמאנ'ס הארץ.

ער האט פאר פארווירונג דאס בוך אפגערוקט אביסעל ווייטער, צום פענסטער צו...

— נו, דערצעהלט עפעס, זאגט עפעס... — האט אידא אנגעהויבען צו קאקעטירען, — וואס האט איהר היינט געלעזען?

— גארניט געלעזען... גארניט...

— וואס דען האט איהר עפעס שעהנס געטאן?

ער האט אויף איהר געווארפען א דורכדרינגליכען בליק. אין איהרע אויגען האט עפעס געפינקעלט גליהענדעס... איהר ווייסע ברוסט האט זיך באוועגט.

ער איז צו איהר נאהענט צוגעגאנגען, אנגענומען זי פאר דער האנט, וואס איז געווען ענטבלויזט ביז'ן עלענבויגען און ליעבליך געענטפערט:

— וואס האב איך געטאן? — געטרוימט וועגען אייך...

— אך, דאס איז שעהן!... — האט זי שעלמיש געשמייכעלט.

זי האט געווארפען איהרע בליקען, שנעלע, פינקלענדיגע, אין אלע ווינקעלעך פון צימער... זי האט אומבאוואוסטערהייט עפעס געזוכט, געפאדערט, נעמאנט. ענדליך איז איהר בליק געפאלען אויפ'ן פארמאכטען בוך.

— וואס איז דאס פאר א בוך? — האט זי א פרעג געטאן, סתם אזוי זיך.

בערמאן האט זיך ווי דערשראקען, ניט געוואוסט אליין פארוואס ער וויל ניט אנרופען דעם נאמען פון בוך און דעם נאמען פון דעם גרויסען אויטאר... ער האט ארויסגעשטאמעלט:

— הא... וואס פאר א בוך... גארניט.. ניט קיין וויכטיגס...

און גלייך איז ער באפרייט געווארען ווי פון א שווערער משא...

ער האט דאס בוך אוועקגערוקט ערגעץ ווייטער, אידא'ן אוועקגעזעצט אויף דער סאפע, ער — הארט נעבען איהר און ארייגקוקענדיג איהר שוין דרייסט אין די אויגען, און שפילענדיג זיך מיט איהרע הענט, האט ער ווי אויסגעזונגען:

— אך, ווי שעהן איהר זייט!...

# דער גרויסער שווייגער

עס איז געווען מיט יאָהרען צוריק.

איך בין דעמאָלט געווען יונג און געקוקט אויף דער וועלט און אויפ'ן לעבען, ווי מען זאָגט, דורך ראָזאָווע ברילען. איך קאָן זיך ניט באַריהמען, אַז דאָס גליק האָט מיר שטענדיג געשמייכעלט, אָבער מיין אָפּטימיסטישער בליק אויפ'ן לעבען האָט גובר געווען אַלע הינ־דערניסען, וואָס איך האָב געהאַט דורכצומאַכען פאַר מיין עקזיס־טענץ. און אויב איך האָב ניט שטענדיג בייגעקומען די שוועריג־קייטען, וואָס דאָס לעבען האָט פאַרמאָגט, האָב איך אָמוועניגסטענס זיך ניט געקלאָגט, ניט פאַר זיך און ניט פאַר לייטען. איינמאָל באַשלאָסען, אַז דאָס לעבען איז שעהן, בין איך שוין מיט דעם באַ־שלוס פעהיג געווען צו פיהלען זיך גוט און לעבענסלוסטיג...

אין יענער צייט האָט מיך מיין גורל פאַרוואָרפען אין אַ קליין שטעדטעל אין דער ליטא, וואו איך האָב זיך באַשעפטיגט מיט לעהרעריי, אין דער פאָרם פון געבען שטונדען.

עס איז געווען ניט קיין לייכטע באַשעפטיגונג. אום צו פאַר־דינען געגוג אויף אַלץ, וואָס איך האָב אין יענער צייט געדאַרפט, און כאָטש געדאַרפט האָב איך דעמאָלט ניט זעהר פיעל, האָב איך דאָך געמוזט האָבען אַרום צעהן שטונדען, דאָס הייסט, געמוזט באַזוכען צעהן באַלעבאַטישע הייזער אַ טאָג, פאַרברענגענדיג אין יעדער הויז איין שטונדע, מיט איינינע תלמידים אָדער תלמידות. דאָס האָט אָבער ניט געהייסען, אַז אַלע תלמידים זיינען געווען די קינדער פונ'ם בעל־הבית, וואו איך האָב געהאַט די „שטונדע". ניט יעדער בעל־הבית איז געווען ביכולת צו האַלטען אַליין אַ לעהרער. ווי דער שכר־לימוד איז געווען ניט גרויס, וואָלט דאָס געווען פאַר אַ ליט־ווישען בעל־הבית אין יענער צייט צו שווער, און דערפאַר זיינען

דאָס רוב די תּלמידים געווען צונויפגענומען פון עטליכע בעלי־בתּים. ווער פון די בעלי־בתּים עס האָט פאַרמאָגט אַ פּרייערע שטוב, ביי יענעם איז די לעהר־שטונדע פאָרגעקומען.

אין הויז, וואו מיין שטונדע איז געווען פון צוויי ביז דריי נאָכמיטאָג, האָט זיך אויסגעצייכענט מיט איהר באַזונדער שטיל־קייט. די פיער קינדער, צוויי אינגלעך און צוויי מיידלעך, האָבען צו דעם הויז ניט געהערט. דאָס זיינען געווען קינדער פון שכנים, וועלכע האָבען געוואוינט צו ענג און האָבען אויסגעבעטען די ער־לויבעניש ביי די אייגענטימער פון הויז, צו לערנען דאָרט מיט די קינדער. אין הויז האָט שטענדיג געהערשט אַ שטילקייט. די בעל־הבית'טע איז געווען אַ קרעמערקע און איך האָב זי קיינמאָל ניט געזעהן. וואָס אַנבאַטרעפט דעם מאַן, האָט ער קיין וואָרט ניט אויסגערעדט, ניט מיט מיר און נים מיט די שילער. ער פלעגט אָדער אומגעהן הין און צוריק, פון איין ווינקעל צום צווייטען, אָדער זיך אוועקשטעלען ביים פענסטער און אַרויסקוקען צום גרויסען הויף, וואו פון צייט צו צייט פלעגט זיך דורכשפּאַצירען אַ האָהן, דורכלויפען אַ קאַץ, אָדער דורכשלעפּען זיך אַ פאַרבלאָנדזשעטער חזיר פון אַ גוי'אישען שכן.

דאָס זיינען געווען די איינציגע לעבעדיגע באַשעפענישען, וואָס זיין אויג פלעגט קאָנען זעהן, שטעהענדיג ביים פענסטער. פלעגט עס איהם נמאס ווערען, פלעגט ער זיך ווידער לאָזען איבער'ן שטוב מיט געמאָסטענע טריט הין־און־צוריק, הין־און־צוריק.

די ערשטע צייט האָב איך ניט געשאָנקען קיין אויפמערקזאַמ־קייט דעם דאָזיגען מאַן אין די מיטעלע יאָהרען, מיט דער שעהנער באָרד, וואָס האָט ווי מיט אַ שטאָלץ אַראָפּגענידערט ביז די לאַצען פון זיין לאַנגען זויבערען ראָק. זיין פּנים בכלל האָט אויסגעדריקט רוה און גלייכגילטיגקייט.

איך האָב אַ פּאָר מאָל געפּרואווט מאַכען מיט איהם אַ שמועס, האָט ער מיר מיט קיין איין וואָרט ניט געענטפערט. אַ דערוואַק־סענע שילערין האָט מיר דאַן אַריינגעשושקעט אין אויער:

— ער איז אַ מרה־שחורה'ניק... ער רעדט קיינמאָל ניט...

איך האָב דאַן באַגריפֿען זיין שטענדיגען שווייגען, און נאָכדעם ווי דאָס ערשטע געפֿיהל פֿון אונהיימליכקייט, וואָס יעדער גייסטיג־קראַנקער רופֿט אַרויס, איז פֿאַרשוואונדען, האָב איך זיך צוגעוועהנט אויך צו דעם מרה־שחורה'ניק. פֿון צייט צו צייט פֿלעג איך איהם אָנקוקען, זוכען אין זיינע מינעס און באַוועגונגען דאָס געהיימניס־פֿולע, וואָס דאַרף זיך אויסדריקען ביי אַזאַ איינעם. אָבער קיין געהיימניספֿולעס איז ניט געווען צו מערקען. ער האָט בלויז גע־מאַכט דעם איינדרוק פֿון אַ מענשען, וואָס האָט ניט וואָס צו זאָ־גען, און שווייגט...

אמת, נאָך אַ לענגערען באַאָבאַכטען איהם פֿלעג איך באַמער־קען ווי זיינע ליפּען פֿאַרציהען זיך אויף אַ שמייכעל. אָבער אין דעם שמייכעל איז געלעגען מעהר סאַרקאַסטישעס ווי געהיימניספֿולעס. מיר האָט זיך דעמאָלט געדאַכט, אַז ער וויל זאָגען עפּעס אַ בייזען וואָרט, נאָר ער האַלט זיך איין מיט אַלע קרעפֿטען. אין אַזאַ מאָ־מענט האָב איך זיך צו איהם איינמאָל געווענדעט:

— איהר פֿרעגט עפּעס?

ער האָט צוריק פֿאַרשלאָסען די ליפּען און איז, ניט שענקענדיג מיר קיין אויפֿמערקזאַמקייט, צוגעגאַנגען צום פֿענסטער און געקוקט דער ווייטקייט אַריין.

* * *

איינמאָל בין איך געקומען אין דער באַשטימטער שטונדע אין זעלבען הויז. די קינדער זיינען נאָך ניט געווען. זיי האָבען זיך פֿאַרשפּעטיגט. איך האָב געוואָלט אויסדריקען מיין אונצופֿרידענ־הייט דערמיט. אָבער דער מרה־שחורה'ניק איז געשטאַנען נעבען פֿענסטער, ווי אַן אומבאַוועגליכער, און געקוקט אין דער וועלט אַריין. איך האָב אַרויסגעקוקט פֿון אַ צווייטען פֿענסטער. איך האָב באַמערקט, ווי דער הימעל פֿאַרציהט זיך מיט אַ דיקער כמאַרע, עס ווערט פֿינסטערער און פֿינסטערער. עס וועט זיין אַ גאָס־רעגען... איך האָב מיך דערפֿיהלט אַביסעל אומהיימליך. אין אַ געוויטער אין איין הויז מיט אַ מרה־שחורה'ניק. איך האָב שוין באַשלאָסען פֿאַרלאָזען דאָס הויז. אָבער באַלד האָט ווירקליך אויסגעבראָכען

א שלאגס־רעגען. גרויסע, דיקע טראָפּענס האָבען איינע נאָך די אַנדערע געפּאַטשט איבער די שויבען און זיינען צורונען איבער׳ן פענסטער, ווי קלאַגענדיג און פּראָטעסטירענדיג צוזאַמען. באַלד האָט א בליץ געטאָן. אין א סעקונדע אַרום האָט א קייט פון דור־נערען געקנאַלט איבער׳ן הויז, און דער פּלייצענדער רעגען האָט זיך אָנגענומען מיט מעהר ענערגיע און האָט מיט זיינע טראָפּענס געקלאַפּט אין די פענסטער און איבער׳ן הילצערנעם דאַך... און ווידער האָט זיך דורכ׳ן פענסטער א שלענגעל געטאָן א לאַנגער בליץ און עס האָט דערלאַנגט א דונער.

קיין וועג צוריק איז ניט געווען. אויפ׳ן מאָן האָב איך מורא געהאַט זיך אומצוקוקען, און גראָד ווייל איך האָב מורא געהאַט, האָב איך געמוזט אויף איהם קוקען. ער איז געשטאַנען הארט נעבען פענסטער, ניט רעכענענדיג זיך מיט דער געפאַהר... דאָס גופא האָט אין מיר פאַרשטאַרקט דעם שרעק. הייסט עס, אַז ער איז זיכער משוגע... דאָך האָב איך געפיהלט מיין פליכט צו וואָרנען איהם:

— היט זיך, געהט אַוועק פון פענסטער...

אויף קיין ענטפער האָב איך ניט געוואַרט. אָבער געגען מיין ערוואַרטונג האָט זיך דער מאָן צו מיר אומגעקעהרט מיט׳ן פּנים, אָנגעקוקט מיך מיט צוויי מילדע, כמעט שמייכלענדע אויגען, און זיך אָנגערופען:

— איך האָב דאָס ליעב!...

די אויסגערעדטע פּאָר ווערטער האָבען מיך מעהר דערשראָקען, ווי זיין שווייגען. איך האָב זיך אָביסעל אָפּגערוקט אַהינטער, ער זאָל דאָס ניט באַמערקען, און האָב אין פאַרצווייפלונג ניט געוואוסט וואָס פאַרצונעהמען.

ער האָט עס קענטיג באַמערקט און מיט א זאַנפטער שטימע געזאָגט:

— האָט ניט קיין מורא... איך בין ניט קיין משוגע׳נער, און ניט קיין מרה־שחורה׳ניק, ווי זיי רופען מיך...

„אָט דאָס איז דאָס“ — האָב איך מיט שרעק א טראַכט גע־

טאָן — „דאָס איז די טענה פון זיי אַלע...“ דאָך בין איך אַביסעל רוהיגער געוואָרען. איך האָב איהם בארוהיגט:

— חלילה... איך האַלט אייך ניט פאַר אַ...

— שעמט זיך ניט, — האָט ער געשמייכעלט. — איך פיהל זיך ניט באַליידיגט... אדרבא, אויב איהר האַלט מיך אויך פאַר אַזאַ, בין איך צופרידען. הייסט עס, אַז איך שפּיעל מיין ראָלע ריכטיג...

איך האָב מיך שוין פאַראינטערעסירט און שוין גאָר אָהן שרעק האָב איך איהם געפּאָרשט:

— הייסט עס, איהר מאַכט זיך נאָר פאַר אַזאַ...

— וואָס הייסט, איך מאַך זיך? — האָט ער געשמייכעלט. — איך טו גאָרניט. בלויז איך רייד ניט... עס איז ניטאָ וואָס און מיט וועמען... שוין צוואַנציג יאָהר, אַז איך בין אַנטשוויגען געוואָרען... ביי זיי הייסט עס אַ מרה־שחורה... ביי מיר — אַ בעל־שמחה... עס איז מיר זעהר גוט. זיי טשעפּען מיך ניט... ניט גוט, ניט שלעכט... איהר פאַרשטעהט?... איך בין געוועזען אַ בחור מיט גרויסע פאַרלאַנגען, מיט דמיונות... אַלץ געקליבען זיך אין דער וועלט אריין... איך האָב אָבער ניט געהאַט קיין ענערגיע אַרויסצור־רייסען זיך... בין איך שטעקען געבליבען דאָ, צווישען מענשען פון ניט מיין גלייכען... איך האָב צו זיי גאָרניט... וואוילע אידען, אָבער אָרימע נשמות... זעהר אָרימע. מיין ווייב, מיט וועלכער איך האָב חתונה געהאַט, איז מיר געווען דערווידער פון ערשטען טאָג אָן... פלעג איך זיך קריעגען מיט איהר, און זי מיט מיר... אָרום און אָרום איז אַזאַ וואָכעדיגקייט, אַזאַ גרויקייט. איך האָב ניט געהאַט קיין עצה, ווי אַזוי צו באַפרייען זיך... דריי טעג האָב איך געטראַכט, ניט גערעדט מיט קיינעם קיין וואָרט, אַלץ געזוכט אַ וועג און ניט געפונען. ביז איך האָב זיך געכאַפּט, אַז אין די דריי טעג שווייגען האָב איך זיך דערפיהלט גליקליך... האָב איך שוין אויפ'ן פערטען טאָג מיט אַ כיון ניט גערעדט. האָבען זיי זיך דערשראָקען. רוהיג האָב איך זיך געהאַלטען, האָבען זיי מיר אַ נאָמען געגעבען דער מרה־שחורה'ניק... אָבער איז אמת'ן... עס איז בעסער... אט גראָד מיט אייך האָב איך זיך צורעדט. אַביסעל

האַט איהר מיר אָנגעהויבען צו געפעלען, איהר זייט אַן אַנדערער, אַביסעל האַט מיך דער שטורם אויפגעלעבט... איך האָב ליעב אַ שטורם...

מיט פאַרכאַפּטען אָטעם האָב איך איהם אויסגעהערט. איך האָב געוואָלט איהם הערען און הערען. אָבער דערווייל האָט דער רעגען אויפגעהערט, דער הימעל האָט זיך אויסגעלייטערט און איין אַ ווייסע אָרום זיינען געקומען די שילער.

ער איז גלייך אַפּגעשפּרונגען פון מיר צום פענסטער און דער־ביי מיר אַ וואונק געטאָן. דאָס האָט ער זיכער געמיינט צו זאָגען, אַז איך זאָל ניט דערצעהלען קיינעם, אַז ער האָט גערעדט... ער וויל ניט מען זאָל וויסען. דאָס דאַרף בלייבען פאַר זיי אַ סוד...

און ער איז ווידער אַנטשוויגען געוואָרען...